# כלל־ביבליאטעק

בעל־דמיון

# הומאַניזם אין דער עלטערער יידישער ליטעראַטור

19/20

כּלל־בּיבּליאָטעק

בעל־דמיון

# הומאַניזם
## אין דער
# עלטערער יידישער ליטעראַטור

א קאַפּיטל ליטעראַטור־געשיכטע

צווייטע אויפלאַגע






כּלל־פאַרלאַג
בּערלין, 1922-תרפ"ב

KLAL-VERLAG / BERLIN SW 68 / MARKRAFENSTR. 73

# I

## די עלטערע יידישע ליטעראַטור

וואָס איז די אידייע, דער פירנדיגער געדאַנק אין אונזער עלטערער ליטעראַטור? און צי איז פאַראַן אַזאַ אידייע? צי דאַרפן מיר אַזוינס זוכן אין דעם בינטל דער־ציילונגען, דראַמעס, סאַטירעס, לידער און שריפטן, וואָס זיינען אונז געבליבן פון יענער צייט? זוכן דאַרף מען דאָס געוויס! אַנדערש האָבן מיר פאַר זיך שריפטן און מחברים, אָבער ניט קיין ליטעראַטור, ציגל און ליים, ניט קיין בנין. באַ אונז מעסט מען איצט ליטעראַטור נאָר מיט דער עסטעטישער מאָס, און פון דעם קוק קרימט מען זיך אָפּ, ווען מ׳דערמאָנט די עלטערע יידישע ליטעראַטור. מ׳פאַרגעסט, אַז עסטעטיזם איז נאָר איינע פון די מעטאָ־דעס, ווי אַזוי מ׳קאָן צוגיין צו ליטעראַטור, ניט אָבער די איינציגע מעטאָדע. אַ ליטעראַטור פון אַ גאַנץ פאָלק האָט זיך אַן אינהאַלט אויך, אַ פּאַטאָס; זי טיילט זיך ניט אָפּ גאָר און גאָר פון דעם פאָלקס לעבנסוועג, פון זיין חלום און וואָר. פאַרקערט, זי פאַרטיפט דאָס, זי זעהט און צילט ווייטער פאַר דער פובליציסטיק, פאַר פּאָליטיק, און הויבט אַרויס פון דעם שטראָם לעבנסשטייגער דאָס דויערנדיגע און דאָס וואָגיגע. אַ ליטעראַטור בכלל גענומען, אין איר

גאַנצן פאַרנעם, אָפּגעזעהן פון פּרטים, — דאָס איז אַ גע־
וויסע אַרט גייסטיגע גענעצמעסיגקייט; יערע תּקופה
האָט זיך איר געזעץ, געבונדן מיט דעם פאָלקס קולטור־
געשיכטע, מיט דעם גאַנצן פאָלקסלעבן. די דאָזיגע געזעצ־
מעסיגקייט, וואָס שטעמפּלט אָפּ אינהאַלט און פאָרם, סיו־
זשעט און שפּראַך, זוכט מען אויפצודעקן, ווען מ׳רעדט פון
דער אידייע פון אַ ליטעראַטור אַ געוויסע תּקופה. די
יידישע ליטעראַטור בכלל, און די עלטערע בפרט, איז אין
דעם זינען קיין אויסנעם ניט.

די אידייע פון דער עלטערער יידישער ליטעראַטור
— דאָס איז אַ פּראָבלעם פון יידישער ליטעראַטור־
געשיכטע צו יערער צייט. אַ באַזונדער אינטערעס איז דאָס
פאַר אונזער דור. וואָרום מיר דאַרפן זיך זאָגן אָפּן: די־
לעצטע צייט באַמערקט זיך צווישן אונזערע יונגע אַ מין
ווידערווילן קעגן דער עלטערער יידישער ליטעראַטור. דער
אומחן האָט ביז איצט קיין קלאָרן אויסטייטש ניט געפונען.
דאָס זאָל הייסן אַזוי גוט, ווי: די עלטערע יידישע ליטעראַ־
טור איז שטאַרק פאַרעלטערט, דערהויפּט אָבער איז זי
יידישליך דורך און דורך, זי האַלט אונז געשמידט מיט
אַ פרומפאַרצייטיגער, קליינשטעטלדיגער שפּינוועבס־וועלט,
וואָס האָט געשטיקט און געוואָרגן דורות ביז אונז, און מיר
אַליין רייסן זיך נאָך אויך פון איר מיט אַלע כּוחות. נאָך
מער: זי איז שוין געוואָרן אַ שטער, אַ מניעה פאַר דער
ווייטערדיגער אַנטוויקלונג פון יידישער ליטעראַטור, זי
שטייט אונז שוין אין וועג: צו שטאַרק איז דער
אַווטאָריטעט פון די גדולים, מ׳זאָל זיי קאָנען גלאַט אַוועק־
שטעלן אָן אַ זייט, צו יאָכיג, הייסט דאָס, איז די טראַ־
דיציע, און צו ווייניג קאָנען מיר פון איר געניסן, ווער

שמועסט שוין אָפּלערנען; צו קנאַפּ קאָן זי דינען, אַ וועג ווייזן אַ דור, וואָס שטרעבּט צום אינדיווידועלן און מענש־ליכן אין קונסט און אין לעבּן. וואָס ווייטער און פרעמדער מיר ווערן צו דער דאָזיגער עלטערער ליטעראַטור, וואָס ווייניגער מ׳שטודירט זי און מ׳קען זי, אַלץ מער דער אומחן, דער בּטול. איז שוין געוויס צייט אויפצורעקן דעם עצם, דעם בּרען פון דער דאָזיגער ליטעראַטור, מ׳זאָל זיך קלאָר מאַכן, וואָס פאַר אַ ווערט זי האָט נאָך פאַר אונזער צייט. אַ זאַך, וואָס מיר האָבּן זיך דערצו צוגעוויינט, וואָס קלינגט שוין ווי אַ סקאַרבּאָווער נוסח אין אַ היינטיגן שפּילקעסטל, קאָן מיט אַמאָל בּאַקומען אַן אַנדער אויסזעהן: מיט אַמאָל גיט אונז אַ בּליץ, מיר דערזעהען די אַלטע גוט־בּאַקאַנטע זאַך פון אַ נייער אומגעריכטער זייט, ס׳פאַלן אַראָפּ די פאַרדריסליכע פּרטים, וואָס אָפּט פאַר־שטעלן זיי מער, איידער זיי אַנטפּלעקן, און מיר דערזעהען פאַר זיך עפּעס נייס און וויכטיגס, אַזוי ווי דער נגון, וואָס האָט בּאַקומען אַ תּקון פונם גלגול.

נאָר פריהער וועגן בּאַגריף פון דער עלטערער יידי־שער ליטעראַטור. תּקופות אין אַ ליטעראַטור קאָן מען בּאַ־צייכענען מיט כראָנאָלאָגישע דאַטעס, אייגענע, אָדער גע־נומען פון דעם פאָלקס גאָרער געשיכטע, מיט ליטעראַרישע נעמען אָנהויבּ און סוף תּקופה און דאָס גלייכן. איך וויל דאָ אָנווענדן אַן אַנדער מעטאָדע, וואָס זי איז מער אָנגעמאָסטן, ווי מיר שיינט, צו דער געשיכטע, צו דעם גורל פון אונזער ליטעראַטור. די עלטערע יידישע ליטעראַטור הויבּט זיך אָן, ווען אַ יידיש בּיכל נעמט זיך אָפּשיידן פונם ספר, פון פרומקייט און יידיש־קייט, אָדער פון דער נאַאיווער פאָלקספאַנטאַזיע, ווען

דאָס ביכל ווערט אַ וועלטליכע זאַך מיט אַ וואָכעדיקן אינהאַלט און מיט אַ מאָדערנער פאָרם (נאָוועלע, דראַמע א. אַז. וו.). זי לאָזט זיך אויס דאָרט, וואו ס'הויבט זיך אָן די נייע יידישע ליטעראַטור, ד. ה. די ליטעראַטור, וואָס האָט זיך זעלבסדערקענט אַלס אַ צוועק פֿאַר זיך, וואָס זוכט אין זיך אַליין צו געפינען דעם אָנהויב און דעם סוף, דעם ציל און דעם וועג. כראָנאָלאָגיש און אין פערזענליכקייטן, וואָלט דאָס געהייסן, באַנעמען די עלטערע יידישע ליטעראַטור אַ צייט פון אָנהויב השכלה־באַוועגונג אין רוסלאַנד ביז דער נייער קריטישער תקופה די 80־ער יאָרן, פון יצחק בער לעווינזאָן ביז פּרצן, אָדער ריכטיגער, ביז פּרצס חדר. מ'דאַרף דאָ אָבער ניט אַזוי שטרייננג באַשטיין אויף דאַטעס, וואָרום פיל מער האַנדלט זיך דאָ פון באַנעמען ליטעראַטור, פון צוועקן און וועגן, סיי אין דעם שרייבערס, סיי אין דעם עולמס אויגן, איידער, אייגנטליך, פון כראָנאָלאָגיע, און פאַרפריהט און פאַרשפּעטיגט טרעפט איר דאָ אָפט.

אין אַזאַ דעפיניציע שטעקט שוין אַן אָנווייז אויף דעם מהות פון דער עלטערער יידישער ליטעראַטור, אַ רמז אויף דער אירייע אירער. די אַלטע יידישע ליטעראַטור (16־טן — 18־טן יאָרהונדערטן) איז נאָך ניט קיין ליטעראַטור אין דעם היינטיגן זינען פון וואָרט.

דער מחבר און דער לייענער (ריכטיגער: דער אַריינ־קוקער) זיינען איינס, צווישן זיי איז קיין שום מחיצה ניט פאַראַן. ביידע זיינען פאַרוועבט אין דער ערה, וואָס פון קיין קונסט, פון קיין ליטעראַטור פאַר זיך ווייסט זי ניט צו זאָגן און פאַרשטייט ניט צו שעצן. זי קאָן האָבן אַ גע־פיל פאַר הייליגקייט און דערהויבנקייט, ניט אָבער פאַר

פערזענליכקייט. ביידע זיינען גלייך באַגייסטערט אָדער גע־
רירט פון אַלצאיינע ווייטע צוועקן און נאָהענטע וועגן; ביידע
פאַרמאָגן די זעלבע באַגריפן וועגן וועלט און גאָט, ייד און
מענש, די זעלבע פאַנטאַזיע און די זעלבע השגות, גענומען
באַ דער ערה. דער אונטערשייד איז נאָר אין תורה, וואויל־
קענעוודינקייט און שרייבערישן טאַלענט. דעם לייענער
גייט אָן דער ספר, ניט דער מחבר; דעם לעצטן קען ער
מיינסטנס ניט אַפילו באַם נאָמען. דער מחבר ווערט פאַר־
געסן, אָפט אַפילו ניט באַמערקט, און באַם עולם בלייבט
ניט מער, ווי דער ספר. דער ספר איז דאָ ניט אַ בייזאַך,
נאָר אַ שטיק שטענדיגער גייסטיגער לעבנסשטייגער: ס'איז
פאַראַן די שבתדיגע קאַפּאָטע, די הויב און צירונג פאַרן
זינדיגן אויג און דער „צאינה וראנה“, דער „קב־הישר“
אָדער דער „מעשה־בוך“ פאַר דער נשמה.

פונקט דער היפוך איז די נייע יידישע ליטעראַטור,
וואָס גייט שוין אויפן וועג פון אַלע ליטעראַטורן באַ מאָ־
דערנע קולטור־פעלקער. דאָ איז שוין ליטעראַטור אַ זאַך
פאַר זיך, אַ מחיצה צווישן שרייבער און לייענער. דער
שרייבער שרייבט פאַר זיך, ניט פאַר קיינעם, אין זיך אַליין
זוכט ער דעם העכסטן גענוס פון זיין שאַפן. דער שרייבער
און דער לייענער זיינען איזאָלירט, אַזוי ווי דער אַרטיסט
פון דעם עולם צושויער. פאַר ביידע איז שוין ליטעראַטור
אַ באַזונדערער קאַטעגאָריע, וואָס האָט איר צוועק און פאַר־
ענטפערונג אין זיך אַליין, מ'זוכט שוין דאָ ניט קיין ווייטיגע
צוועקן. ס'איז פאַראַן לעבנסשטייגער, וואָס האָט זיך זיינע
צוועקן און וועגן, און ס'איז פאַראַן ליטעראַטור, וואָס האָט
זיך איר גענוס, איר אייגענעם לעבנסוועג — צוויי באַ־
זונדערע וועלטן. ליטעראַטור ווערט דאָ אַבסטראַגירט פונם

לעבן, און מיר לייענען אַ בוך אַזוי, ווי מיר ועהען צו זוך־אויפגאַנג און שטערן־שימער.

די עלטערע יידישע ליטעראַטור שטייט אין דער מיט צווישן די ראָזיגע צוויי אַרטן ליטעראַטור־באַנעמען. דער שרייבער האָט זיך שוין אָפּגעטיילט פונם לייענער, ער לעבט שוין מיט אַן אייגענער וועלט אידייען און בילדער, דער לייענער ווייסט דאָס שוין, גיכער פילט ער דאָס. אפשר איז געבליבן באַם לייענער אין זכרון דער נאָמען „דאָס פוילישע יונגעל״, נאָר ער ווייסט שוין, אַז דאָס האָט געמאַכט אַ „שלאַק״ אָדער אַ פאָלקספריינט, לינעצקי, און ער הויבט דאָס שוין אָן אָפּטיילן פון זיך. דער שרייבער האָט נאָך אָבער קיין קלאָרן באַגריף ניט, אַז דאָס איז ליטעראַטור, אַ זאַך פאַר זיך, קיין זיכערקייט דרין האָט ער געוויס ניט.

„זיי (קריסטן) פון אַ דיכטער
ווייסען דעם ווערט, דעם צוועק —
ביי אונז הייסט ער
אליקום בדחן און אַנ׳עק״[1]).

דער עלטערער יידישער שרייבער איז ניט קיין ליטעראַטור־פּראָפעסיאָנאַל, ווי מיר ועהען דאָס איצט. בעצם איז ער אַ מלמד, אַ לערער, אַן איידעם, אַ נאמן באַ אַ גביר, ועלטענער אַ געשעפטמענש, און דינט איבער אַלע יידישע עבודה־זרהס פאַר ברויט, מיט מעקלערייַ, שדכנות, מיט דעם גאָרן יידישן שטייגער. אין בעסטן פאַל עפנט אים דאָס ספרל אונטערן אָרעם אַ טיר אין גביריש־משכּילישן פּאָרצימער. זיך

[1]) א. צ. צווייפעל: „די קליינע וועלט, אדער אהער און אהין״ אין שלום-עליכמס „יודישע פאָלקס-ביבליאָטעק״. I. ב., קיעוו, תרמ״ח, ז. 58.

האַלט ער פאַר אַ פאָלקס־טריבון, פאַר אַ וועגווייזער. מעג ער אין זיין טיפן ווען געטריבן ווערן צו דער פּען פון דער שאַפונגס־לוסט, פון דעם אינעווייניגסטן ברען, זיך אַליין קלאָר מאַכן אין בילדער און געדאַנקען, וואָס אינעווייניג ברויזט און גליהט: „מיר (יונגע שרייבערליך), דערציילט לינעצקי, זיינען געווען דיא נאַטירליכע האָנען, וואָס קרייען נאָר דערפאַר, וואָס מע בריהט זיי אונטער דיא פליגעל"[2]). אָבער אין קאָפּ באַ זיך זוכט ער אַ תירוץ, אַ פאַרענט־פער פאַר זיין שרייבן. אויפן שרייבן קוקט ער אַזוי ווי אויף אַ פאָלקס־אַרבעט, אַ מין שליחות: די ליטעראַטור זאָל ראָס זיין די טריבון. וואָרום ליטעראַטור, ר. ה. אַן אָנשטעל, אַ שפּיל אויף יידיש קלינגט עפּעס מאָדנע־פרעמר. און ניט דערפאַר, וואָס ליטעראַטור־תּאווה איז אים פרעמר בכלל, נאָר וואָס אויף יידיש. ליטעראַטור, פּאָעזיע אָדער מליצה — דאָס איז פאַר העברעאיש, דאָ איז דאָס ווי אָנגעמאָסטן. דער זעלבער יצחק בער לעווינזאָן, דער ראַציאָנאַליסט, דער וואוילקענער, און גאָטלאָבער און אַנדערע האָבן געשריבן שירים און חרות און מכתמים אויף לשון־קודש און האָבן זיך גאָר ניט געפרעגט צו וואָס. וואָרום העברעאיש איז שוין געווען ליטעראַטור, האָט שוין געהאַט אַ קרייז לייענער, זאָל זיין זעהר אַ קליינעם, וואָס האָט שוין געשעצט פּאָעזיע, מליצה, פאָרם פאַר זיך. אָבער ליטעראַטור אויף יידיש, אויף אַ וואָכעדיגער שפּראַך פאַר אַ ניכטערן עולם — ווער האָט דאָס געקאָנט באַנעמען יענע צייט? דער עולם לייענער געוויס ניט! אַ ייד האָט נאָך אפשר געקאָנט אַריינ־קוקן, חוץ אין אַ חמוש, אין אַ משניות, נאָך אין אַ „שבט־מוסר", אין אַ יוסיפון און אין אַ מעשה־ביכל אויך, אָבער דאָס

[2]) י. י. לינעצקי: „צוריק פונם יאריד", אָדעסאַ, 1911.

האָט ניט געטאָרט צו ווייט פאַרגיין פונם ספר, דאָס האָט אויך באַדאַרפט עפּעס באַלערנען, האָבן אין זיך אַ מוסר־השכל. בכן זאָל שרייבן אויף יידיש זיין ניט קיין ליטעראַטור, ד. ה. ניט קיין צוועק פאַר זיך, נאָר אַ מיטל, אַ וועג צו אַנדערע צוועקן.

„אין די פשוט־אַנטפּלעקטע זאַכען", מיינט מענדעלי, „ליגען פאַרבאָרגענע סודות און שאַרפע אָנצוהער־רענישען"[3]). און אַזוי האָבן דאָס פאַרשטאַנען אַלע עלטערע יידישע שרייבער: „אַ קאַרטינקע, זאָגט מענדעלי, בעדאַרף חוץ שיינע מליצה, אויך מיך לאָזען עפּיס הערען"[4]). א. צ. צווייפעל איז זיכער, אַז „יערער מחבר איז אַ ביסעל אַ רב, אַ ביסעל אַ פאָטער; פון מאָראַל, פון שטראָפען איז ער קיין מאָל ניט פּטור"[5]).

אייזיק מאיר דיק האָט ניט סתם געשריבן זיין „חייציקל אַליין", אונזער „ניעראָראָסל", נאָר מיט דעם צוועק: „אום צו ווייזען דיר, מיינע טייערע לעזערין, ווי וויכטיג און וואָר זיינען די רייד פון דעם אַלטען שפּריכוואָרט: עס איז דיא גרעסטע קונץ צו זיין פאָטער און מוטער, דאָס הייסט, קינדער צו ערציהען"[6]). און די אַרויסגעבער פון אַקסענ־פעלדס כתבים זאָגן אַזאַ שבח אויפן מחבר: „באַזונדערס פעררדיענט דער מחבר געלויבט צו ווערען פאַר דער גוטער

[3]) הקדמה צו מענדעלים „ווינשפינגעריל" אין „פאָלקס-ביבליאָטעק" I., ז. 9.

[4]) פון מענדעלים אַ בריוו צו שלום-עליכמען, הקדמה צו „סטעמפעניו", דאָרט, VIII.

[5]) „די קליינע וועלט", אין „פאָלקס-ביבליאָטעק", ז. 61.

[6]) א. מ. דיק. „חייציקל אַליין", ווילנע, תרמ"ז (איבערגעדרוקט פון דער ערשטער אויסגאַבע, וואַרשע, 1864), הקדמה.

כּונה און פאַר דעם ערלען צוועק, וואָס זעהען זיך אַרויס אין אַלע שריפטען: ער האָט זיך קיינמאָל ניט געראָדעוועט צו בּעשרייבען אויסגעטראַכטע בּבא־מעשיות, וואָס האָבּען זיך קיינמאָל ניט געטראָפען"[7]). אַקסענפעלד וואָלט געוויס געווען גערירט פון אַזאַ שבח, וואָרום אַזוי האָט ער דאָס טאַקע געמיינט, און אַזוי האָבּן אַלע געמיינט, זיין דור און זייערע נאָכקומער. בּיישפּילן דערצו וואָלט מען געקאָנט בּריינגען איבּערגענוג.

בּכן האָבּן מיר פאַר זיך אַ צוועק־ליטעראַטור. און דאָ נעבּן דער עסטעטישער שוואַכקייט, אַנטפּלעקט זיך ערשט די אמתע גרויסקייט פון דער דאָזיגער ליטעראַטור. וואָרום גרויס איז געווען דער צוועק, און ערליך, מיט טאַלענט און בּאַגייסטערונג איז דעם צוועק געדינט געוואָרן.

י. י. לינעצקי זאָגט אויף זיך און אויף זיינגלייכן. „אין די 60—70־ער יאָהרען, ווען עס האָט בּיי אונז יודען אויך אויפגעפלאַקערט דער פערצווייפעלטער קולטור־קאַמפּף, האָבּען מיר, יונגע שרייבּערליך, מיר, קרבּנות פאַרן טובת־הכלל, נאָר איין עובדא געהאַט, צו שרייבּען פון די צוויי מינים ‚יזם׳ען׳: פאַנאַטיזם און ליבּעראַליזם... אין די 60—70־ער יאָהרען, בּימי דאָס ‚פּוילישע יונגעל׳, האָט דעם יודען צו ‚יור׳, געפעהלט ‚מענש׳". אויף זיין שרייבּן זאָגט ער: „מיין שרייבּען איז תּמיד בּעשטאַנען אין קרייען, האַווקען און בּיללען אויף די פּריווילעגירטע פאָלקס־גנבים, בּעל־טובה־ניקעס, דערעל־פיהרער, קאָך־לעפעל אונד קהל־פּרעסער"[8]).

---

[7]) הקדמה צו אַקסענפעלדס „דער אוצר אָדער די גינאַרטע וועלט", אָדעס, 1870.

[8]) „פונם יאַריד", אָדעסאַ, 1909—3, 13.

דאָ איז אין לינעצקיס איינגאַרטיגער שפּראַך געגעבן אַ גאַנץ פּראָגראַם, וואָס איז אַזוי גוט ווי אָנגעמאָסטן פאַר דער גאָרער עלטערער ליטעראַטור און שטעמפּלט אָפּ דעם צוועק, דעם וועג, די פאָרם פון יענער ליטעראַטור: מ ע נ ש, ק ו ל־ ט ו ר־ק אַ מ ף און „ק ר י ט י ק־פּ ו ב ל י צ י ס ט י ק“, ווי ער רופט דאָס „בילן“ מיט אַנדערע ווערטער.

וואָרום אין מענש און מענשליכקייט איז דאָס געגאַנגען דער עלטערער יידישער ליטעראַטור, ניט אין אַ גימנאַזיסטן־מונדיר, און אַוראַי ניט אין צוגעפּוצט בערדל און אין געוועקסלטע שיך, ווי מ׳האָט זיך געמיהט אונז איינרעדן די לעצטע צייט מיט אַ בטול פון עכטע אייראָפּייער צו קליינשטעטלדיגע השגות. ס׳איז טיף רירנד, ווי אין אַ פינסטערער צייט פון פאָלקס־פאַנאַטיזם, חסידישע תקיפות, קהלשע רציחות, הונגער־נויט און ווילדער בטלנות האָבן זיך געפונען שרייבער, מייסטנס איזאָלירט פון דער גרויסער וועלט, וואָס האָבן זיך אָפּגעטרייסלט גאָר און גאָר פון דער היימישער קאַלוזשע, וואָס האָבן פאַרהאַסט דעם יידישליכן שטייגער, האָבן אויסגעוויטאָגט אין האַרצן אַן אידעאַל פון מענש און מענשליכקייט און האָבן געפונען מוט באַ זיך דאָס אָפן אַרויסצוברייינגען. ניט קיין קריטיק פון זייטיגע צוזעהער איז דאָס געווען, נאָר אַ פאַרצווייפלטער קריג, אַ דינאַמיט־אַרבעט פון אינעווייניגסטע שונאים, וואָס האָבן זיך גענומען באַהאַרצט און איינשטעלעריש, ווייט־ זעהענדיג און פונקט־צילנדיג, אונטעררייסן אַלע יסודות פון דער גוטער אַלטער יידישקייט פאַר אַ נייער פרייער וועלט.

## II

## די איזאָלירט־ייט

קודם כל איז דאָ מייסטעריש אַנטפּלעקט געוואָרן דער וואָרעם אין כריין, יידישע איזאָלירטקייט, פאַרפרעמדקייט צו אַ וועלט. פון יענער צייט זיינען שוין פיל וואַסערן אָפּגעלאָפן; צווישן קאַבּצאַנסק און דער וועלט שטייען שוין די נאַלעווקעס און אונזערע היימיש־אינטע־ליגענטישע פאַריזער מאַנסאַרדעס; מנחם־מענדל בויט שוין פּתום מיט רעמסס און פעפערל האַלט זיך פאַר אַ וועלט־בירגער. אויף קאַבּצאַנסק גופא קוקן מיר שוין דורך אינטעליגענטיש־גרויסשטעטישע ברילן מיט ביינקשאַפט און ראָמאַנטיזירטע יוגנט־זכרונות, און יונגע פאַרטרוימטע טאַ־לענטן האָבן באַשטראַלט מיט חן און מאָלערישקייט די קליינשטעטלדיגע אידיליע, קערנדיגקייט און רחבות. הייג־טיגע צייטן איז זיך שוין שווער פאָרצושטעלן יענע ווילדע וויספּע אין מיטן אַ ווייטן פרעמדן וועלט־ים, וואָס דערפון איז אונז געבליבן לזכרון קלאַסישע בילדער פון „וצוני׳ער מיט־וועלט“ (בּאַ לינעצקין), פון די קאַבּצאַנסק און טונע־יאַרעווקעס (בּאַ מענדעלין). ערגעץ האָט געקאָכט און גע־שטורעמט, דורות און פעלקער האָבן געשטריטן און געריסן פאַר מאַכט און פראַכט, מלחמות און רעוואָלוציעס, אַנט־רעקונגען און ריזנדיגע מוילוואָרף־אַרבעט האָבן איבער־געקערט אַ וועלט. און דאָ, אָן אַ זייט, איז געשטאַנען גל:פּסק, אַ פאַרשימלט שפּינוועבס, ניט גערירט און ניט גענאָרגט, יידישע געטאָס אויפן פרייען פעלד, אַ נשאר פון מיטלאַלטער, פון די צייטן פון אַ זאַמדזייגער און מהר״לס גולם. אַ קאַלוזשע האָט זיך געבויטעט אין אירע אייגענע

בּרעגעס פון מאַרק ביזן בּית־המדרש; רדין האָבּן זיך גע־
בּויבּערט מאָרגנע בּרואים, עפּעס ווי פון אַן אַנדער פּלאַנעט,
און געזעהן דאָ נסים ונפלאות, זיכער און שטאָלץ, אַז
דאָס, גלופּסק, איז מיט־וועלט, די איין־און־איינציגע ממשות־
דיגע וועלט, און אַלץ אַרום איז ווידער גלופּסק, אָדער
מ׳שטיינס געזאָגט, שטעט און דערפער, פעלקער און בּרואים,
וואָס זיינען עפּעס ניט כּדרך הטבע און אין בּעסטן פאַל
זיינען זיי בּאַשאַפן געוואָרן פון גלופּסק וועגן. דאָ האָט
מען זיך געקוויקט מיט פּאָטשטן און חקירות וועגן גאָר
דער וועלט, פּאָליטיק האָט אָנגעשפּאַרט אין דער בּאָר אויף
דער אויבּערשטער בּאַנק, מ׳האָט געפירט בּלוטיגע מלחמות
צווישן אלכּסנדר מוקדון און נאַפּאָלעאָנען און מ׳האָט זיי
אויסגעגלייכט גאַנץ יידישליך און יושרדיג; מיט אַ גמטריא
און מיט אַ רמז אין אַ פּסוק האָט מען דאָ געשטעלט און
געוואָרפן מלכים און שרים; מיט אַ „ספּרווישינקעלע“ האָט
מען זיך קלאָר געמאַכט בּאַן און טעלעגראַף און אַלע וועלט־
אויפטוען; מ׳האָט זיך געקוויקט מיט מעשיות פונם סמבּטיון
און פון די רויטע יידלאַך און געזוכט סמנים אויף משיחס
צייטן
וצוני׳ער־קאַבּצאַנסקער ייִנגל איז זיכער, אַז די
גאַנצע וועלט איז פון הוילע יידן: חסידים, בּעלי־בּתּים,
מעקלערס, שיינקערס, פּעקלמאַכערס; און יידענעס: גבּאיר־
טעס, שפּרעכערקעס, קרעמערקעס און בּעלי־הבּיתטעס.
ווי קאָן דאָס געמאָלט זיין אַ שטאָט אין דער וועלט אָהן
יידישע קלייזלאַך, ישיבות, בּטלנים, אייניקלאַך, טוקערינגס,
כּאַפּערס און קהל־שטיבּלאַך? אַ שיינעם פּנים וואָלט בּאמת
געהאַט אַ שטוב אָהן מזוזות, מאיר־בּעל־נס־פּושקע, אָהן
אַ כּשר־שטיין, שיר־המעלותן און דער פּאָמעניצע אינעווייניג

און אָהן אַ סוכּה מיט אַ בּערגל מיסט אין דרויסן! אָבּער אַזוי זיינען געווען איינגעגלויבּט בּאַטאָגטע, מיושבֿ־דיגע יידן אויך, וואָס האָבּן דאָ אין דער קאַלוזשע אויס־געפירט אַ וועלט, חתונה געמאַכט קינדער מיט אַ שטר־חצי־זכר און זיך צוגעגרייט מעשים־טובים און תּכריכים אויף אין וועג אַריין. אין ספרים, וואָס זיינען הייליג און אייבּיג, האָבּן זיי געזעהן און געהערט, אַז די גאָרע וועלט איז נאָר פונם יידנס וועגן בּאַשאַפן, אַלע בּרואים און ש״י עולמות זיינען נאָר געמאַכט געוואָרן צו דינען דעם יידן, אַז פונם יידנס מצוה אָדער אַן עבירה, אַפילו פון אַ גוטער כּוונה אָדער אַ מחשבה זרה, קומען אויף און ווערן חרובֿ גאַנצע וועלטן, ווערן בּאַשאַפן און ווערן פאַרבּרענט מחנות מלאכים, מליץ־יושרס, לצים, מקטרגים און מזיקים. מיט וואָס איז ער, דאָס ווערמל יעקבֿ, ניט דער איבּערמענש, דער האַר פון אַלע בּרואים!

דאָ האָט די אַרומיגע וועלט געגאָלטן פאַר דער פרעמד, פאַר עֵשו, פאַר דעם בּיטערן גלות, וואָס איבּער נויט האָט מען געמוזט דערמיט האָבּן מגע ומשא, מ׳האָט זיך אָבּער שטאַרק אַרומגעגאַרטלט קעגן איר, ווי קעגן אַ טמאה, זי זאָל די מינדסטע שליטה ניט האָבּן אין יידישן גבול. דער גלות איז דאָ געווען אַ געריכטער קנויל מאָרגע בּאַגריפן און שטייגער. דאָס איז געווען: דער „רויטער קאָלנער״, וואָס גאָט האָט אים אַראָפּגעשיקט פאַר די זינד, ער זאָל מאַכן פּראָטאָקאָלן פאַר „טשיסטאָטאַ״ (סאַניטאַריע) און פאַרן עירובֿ, נאָר וואָס מ׳קאָן אים מכפּר זיין מיט לאַ־יחרץ און מיט געפעפּערטע פיש; גוים אין פּאָסטעלעס, וואָס זיי איז אָנגעצייכנט צו האָרעווען, זייען און שניידן, יידן זאָלן האָבּן בּרויט און קאַרטאָפל און זאָלן

זיי פאַרקויפן בראַנפן; פּריצים, וואָס גאָט האָט צוגעשיקט, יירן זאָלן זיי האַלטן אויף דער אַרענדע, מפרנס זיין דער־מיט ווייב און קינדער און לפנים צאָלן ראַטע; און אַפילו דער שבת־גוי מיט „ושוקל" דעם הינטל, וואָס הייצט די באָר, נעמט אַראָפּ די שבתדיגע לייכטער און איז די כפרה פאַר יידישע קינדער און שבתדיגער חלה. קעגן דער ראָזיגער פרעמד האָט מען זיך אַרומגעצאַמט מיט גדלות און בטול פון וועלט־אַריסטאָקראַטן, מיט האָפענונגען אויף ישועות ונחמות אויף יירן, מיט אמונה אין נסים און אין משיחן. ער, „איוואַן", לעבט בזכות דאָס פרומע קלוגע פאָלק ישראל. מ'שטיינס געזאָגט, וואָס ער קאָן שוין אויפטון, מיט וועמען מ'קאָן זיך דאָ חברן און באַ וועמען ס'איז דאָ וואָס צו לערנען, אַז אַלצדינג איז שוין לאַנג פאָראויסגעזעהן און אָנגעטייט אין הייליגע פסוקים און אין מאמרי חז"ל!

אַזוי האָט מען דעם וואָרעם אין כריין אַרויסגעשאַרט פונם זיס־פוילן פינסטערן שפּעלטל און אים אַוועקגעלעגט אויף דער ליכטיגער שיין. דער גרלן האָט זיך געמוזט דערפילן, ווי איינער, וואָס מ'האָט אים מוטער־נאַקעט אַוועקגעשטעלט פאַר אַ וועלט מענשן, און געמוזט זיך קאָרטשען און דרייען צו פאַרדעקן די שאַנד. ס'איז דאָ אַראָפּגעריסן געוואָרן דער חן פון דעם שפינוועבס, וואָס האָט געהאַלטן אַ גאַנץ פאָלק סגור ומסוגר, פעסטער, איידער אייזערנע טויערן און ריגלען; און פאַרריסענע תמימים האָבן באַ דער ליכטיגער שיין געמוזט דערזעהן, אַז גלופּסק איז אַ זומפּ, ניט קיין מיט־וועלט, און אַ לעבעדיגע ליכ־טיגע וועלט הויבט זיך אָן ערשט דאָרטן, וואָס זיי האַלטן פאַר אַ וויסטן מדבר. דער שפּאָט און שטאָך, יידישע גע־פאַלנקייט און דערנידערונג אין דער וועלט זאָלן דאָ ברעכן

די ווילדע יידישע גרלות, דאָס איינריירעניש, אַז ער, דער ייד, איז דער צענטער פון דער וועלטשאַפונג, דאָס קלוגע פאָלק, וואָס ווייסט אַלץ און קאָן אַלץ; דער ייד זאָל דער־פילן, אַז מיר זיינען אָפּגעשטאַנען פון אַ וועלט מיילן־ווייט און מיר דאַרפן גיין אין חדר צו „איוואַנען". מ'האָט באַ־דאַרפט ווייזן, אַז איוואַן איז דער איינענער יחסן, וואָס ער, ניט קיין אָנשיקעניש פאַר זינד, און מיר דאַרפן זוכן אַ וועג צו אים, כּדי צוזאַמען בויען אַ שענערע וועלט: „וואָס הייסט דער איז ,געפּגרט', יענער איז ,גע־שטאָרבען?', אַלע זיינען גלייכע מענשען, מענשען פון איין מין" [9]).

און דאָס האָט געזאָלט געטאָן ווערן אין „פּאָניע"־לאַנד, אין די צייטן פון פאַנשטשינע און מוצאי־פאַנשטשינע, אין אַ סביבה פון קנעכטשאַפט און פאַנאַטיזם, וואָס פון דאָרטן האָט דער ייד געזעהן שנאה און קנאה צו זיך, אין בעסטן פאַל שפּאָט און אומצוטרוי!

מ'האָט באַדאַרפט וועקן אינם איבערגעשראָקענעם יידן דאָס עלעמענטאַרע בירגער־געפיל; מאַכן פון דעם הימל־מענשן אַ תושב אויף דער ערד: ניט קיין גלות איז די וועלט אַרום און ניט קיין פרעמדער איז ער אין לאַנד. אויף אונז ליגט די שולד פאַר אונזער טאָפּלטער פּאָליט־שער קנעכטשאַפט, וואָרום מיר האָבן זיך דערווייטערט פונם לעבן אַרום, אָפּגעזונדערט זיך פונם לאַנד. אייביג וועט דאָס ניט דויערן: ס'איז אין אונזערע הענט, מיר זאָלן ווערן גלייכגעשטעלטע בירגער און געניסן פונם לאַנד. און ווי נאַאיוו ס'זאָלן אונז היינטיגע צייטן ניט אויסזעהן

[9]) א. צ. צווייפעל: „אַהער און אַהין", „פאָלקס-ביבליאָטעק" I, ז. 51.

די האָפּענונגען אויף גוטהאַרציגע מלכים און שרים, וואָס קוקן אַרויס אונז בּאַגליקן, זאָלן מיר נאָר דאָס פּאַרדינען, די ערשטע אַ פינגער אויסשטרעקן, האָט מען דאָך בּאַדאַרפט פאַרמאָגן מוט און וויטזיכטיגקייט צו זאָגן יירן אין ניקאָלאַי דעם 1־טנס צייטן, די צייטן פון כּאַפּערס און קאַנטאָניסטן, אַז די „גזרה" פון קאַנטאָניסטן איז קיין גזרה ניט, נאָר אַ חסר: „כּדי יודין זאָלין דערמיט האָבּין גלייך רעכט און אַ חזקה אין דער מדינה, יודין זאָלין ניט זיין וויא גרים אין דער מדינה"[10].

III

## רוחניות

אין וועג איז דאָ געשטאַנען אַ סך זאַכן און קודם כּל יידישע רוחניות. די איזאָלירטקייט אַ פאָלק, וואָס האָט זיך בּאַדאַרפט מאַטעריעל און גייסטיג שפּייזן פון די הוילע צען פינגער, נאָר אָהן אַרבּעט, האָט געבּוירן די אייגנטימליכע לעבּנס־פילאָזאָפיע, רוחניות, וואָס האָט ניט איר גלייכן בּאַ קיין פאָלק. די רוחניות ווידער האָט פּון איר וייט משפּיע געוועזן אויף דער איזאָלירטקייט, גע־שפּייזט זי און געצערטלט און געקרוינט מיט אַ גאַנצער אידעאָלאָגיע.

קאַבּצאַנסק איז אַן ערה הייליגע, וואָס האַלט אין איין זוכן דאָס געפונענע, דאָס וואַסערל פונם אייבּיגן לעבּן. די ערה גאַנצערהייט איז אַ בּונד מיטן רבּונו של עולם אויף עולם־הבּא. און דאָ, אויף דער וועלט, שטופּט מען

---

[10]) י. אַקסענפעלד: „דער ערשטער יודישער רעקרוט אין רוסלאַנד".

אָפּ די עטליכע יאָר בשיהי פּיהו, ווי נזירים, און מ׳איז מבטל אַ וועלט. אין ליטע פאַרבריינגט מען אַ לעבן מיט פּסוקים, מיטן שלחן־ערוך און מיטן מגיד, און אין וואָלין — מיט תּקון, מיט שבחי בעל־שם־טוב און מיט מופתים. ניט וואָס חוץ דעם איז ניטאָ גאָרניט: ערגעץ אַרבעט מען אין פאָלק שווער און ביטער, מ׳גלוסט אין מ׳געניסט און מ׳גיט נאָך דעם זינדיגן גוף אויך; אָבער דאָס אַלץ ליגט טיף פאַרשטעקט אין הינטערגרונט, פאַררוקט ערגעץ ווייט אין אַ פינסטער ווינקל, אַזוי ווי אַן אויסבאַהאַלטענער חמץ, און האָט אַליין ניט די העזה דעם קאָפּ צו הויבן. אויבן, אין באַוואוסט, הערשט די גייסטיגקייט. דאָ פאַראַכט מען די מאַטעריע, דעם חומר, הימל און ערד, און דער אידעאַל איז דער זיירענער יונגערמאַן, דער חלוש מיטן קנאָפּ אין גאָ־גל, דער פּרוש אָדער דער מקובל, אָהן אַ טראָפּן בלוט, וואָס ווייסט ניט קיין צורת מטבע. עולם הזה איז דאָ אַ זינד קעגן זיך, קעגן דער ערדה און קעגן דעם כביכול; און אַ טיפע פאַראַכטונג, כמעט אַ שנאה ברענט דאָ צו אַ גלייכן רוקן, צו אַ געזונטן גוף, צו אַן אָפן אויג, וואָס זעהט און גלוסט, צו אַ גלייכן פאַרשטאַנד, וואָס באַנעמט אַ זאַך פּשוט. אַ גאַנצע ערדה האָט זיך אָפּגע־קערט פון אַ וועלט מיט איר אַרבעט און וויסן, מיט אירע אויפטוען און ליידנשאַפטן, זיכער, אַז דאָס אַלץ איז נאַ־רישקייטן, וואָס איז ניט ווערט דעם מענשנס האַרץ און מוח און געוויס ניט די מינדסטע מיה דאָס צו דערלאַנגען. די גאָרע וועלט שטייט אויף לומדים און צדיקים, אויף תּורה און מצוות, און דאָס, די רוחניות־וועלט, איז דאָס איינציגע וואָרע לעבן, וואָס פאַרדינט געשעצט צו ווערן. די דאָזיגע ערדה האָט באַוויזן די גרעסטע קונץ: בייצוקו־

מען הונגער דורות־לאַנג און גובר זיין דעם שטן, דעם מאָגן, מיט קרופּניק און מיט אַ פּסוק, מיט בטול און ווינשעניש, אַרומגעגאַרטלט מיט בטחון און אויסגעשטעלט אויף ניסים, וואָס האָבן שוין דאָ אָנגעוואָרן זייער איבערנאַטירליך ווען און געוואָרן אַ וואָכעדיגע זאַך.

דער מאַטעריעלער אויסדרוק פון דער דאָזיגער רוחניות־וועלט איז דער יידישער דלות. פאַרצייטי־גער יידישער דלות אין בילדער באַ עלטערע יידישע שרייבער — דאָס איז אַ ספּעציעלע שטודיע ניט אַליין פאַר אַן עקאָנאָמיסט, אַ פּאָליטיקער, נאָר קודם כל פאַר אַ פּסיכאָלאָג, פאַר פאָלקלאָר. דאָס האָט שוין פאַרשטאַנען פון די עלטערע יידישע שרייבער שלום־עליכם [11] און אין אונזער צייט בעל־מחשבות [12]. דאָס קלאַסישע בילד פונם יידישן דלות איז געגעבן דערהויפּט באַ מענדעלין און באַ שאַצקעסן און האָט גאָרניט צו טון מיט דער יידישער אָרימקייט, וואָס אויף דעם האָבן זיך שוין שפּעטער אין אונזער צייט ספּעציאַליזירט מאָדערנע שרייבער, דערהויפּט אברהם רייזין. דאָ, באַ די יונגע, האָבן מיר אַ מאַטעריעלע נויט פון יחידים, מעג זיין אַפילו פון גאַנצע שיכטן, אָבער אינדיווידועל באַנומען, אַזוי ווי נויט באַ אַלע פעלקער, וואָס טרעפט, ווי אַן אומגליק, און מ׳ראַנגלט זיך קעגן דעם מיט אַלע קרעפטן; דאָרט באַ די עלטערע יידי־שע שרייבער איז דער דלות אַ שטיק פאָלקסוועזן, אַ סיסטעם לעבנספילאָזאָפיע.

[11] „דער יודישער דלות אין די בעסטע ווערקע פון אונזערע פאָלקס-שריפטשטעלער״ אין „ביילאַגע צום יודישען פאָלקס-בלאַט״. פעטערבורג 1888, נומערן 39 — 44.

[12] זעה זיין קלאַסיש אַרטיקל וועגן מענדעלין אין דער „יודישער פאַמיליע״, 1902.

מאָנומענטאַל איז דאָ דער פאַרנעם פון דער אָרימקייט; אַן אָרימקייט פון אַ גאַנץ פאָלק, פון אונטן ביז אויבן. איר שטוינט ממש, ווען איר לייענט אין „ווירישען פאַר־פסח“, מיט וואָס יידן קומען אָפּ טעג און יאָרן, וואָך און יום־טוב, וואָס פאַר אַ וואונדערליכער מן דאָס איז דער קרופּניק, וואָס ער קאָן שפּייזן אַ גאַנצע עדה; און אַ געפיל פון פאַרביטערונג און עקל באַפאַלט אייך, ווען מענדעלי נעמט אייך אויסלייזיגן פון דער גרויסער יידישער טאָרבע דאָס פעקל אָרימעלייט: „פּיעשי“ און „קאָנע“, כלי־קודש און יום־טוב אָרימעלייט, שטילע און איידעלע אָרימעלייט און באַנקירן־אָרימעלייט און ווי זיי הייסן נאָך דאָרט.

אָבער דאָס מערקווירדיגסטע אין דער דאָזיגער אָרימקייט איז די עדה, ווי אַזוי זי באַנעמט די נויט: דאָס איז אין אירע אויגן אַ נאַטור־זאַך, אַזוי ווי זון און שטערן; אַזוי דאַרף זיין ביז גאָט טוט ניט אַ נס און באַגליקט ניט. ממילא באַליידיגט זי ניט די נויט, קיינער פילט זיך דאָ ניט געפאַלן אָדער געקריינקט, וואָרום אָרימער און עלנטער פאַר דער מאַטעריע איז דאָ די פּסיכאָלאָגיע, די השגה. וואָרום נאָך מער פאַר ברויט פעלט דאָ לעבנספרייד, אָט די פרייד, וואָס קומט ניט פון גליקן און איבערראַשונגען, נאָר פון זיך, פון דער פייהיגקייט פון אַ געזונטן מענשן צו געניסן שפּייז און לופט, באַוועגונג און זון, דאָס גאָרע לעבן. וואָרום ניט געקוקט אויפן גאַנצער בטחון, האָבן מיר דאָ פאַר זיך אַ פאַרזאָרגט וועלטל, וואָס איז אַריינגעטאָן איבערן קאָפּ אין תּכלית. ניט נאָר די נויט באַליידיגט ניט, נאָר די שפע דערהויבט ניט. וואָרום דאָ הויבט מען ניט אָן צו באַגרייפן, וואָס איז אַזוינס מאַטעריע, גשמיות, און זי זעהט דאָ אויס נישטיג און איבעריג. דאָ

איז קיין סימן ניטאָ אויף אַ ליבשאַפט צו זאַכן, צו פעלר און הויז, צו שטיין און שטאָף, צו קלייר און פאַרב, צו פאָרם און בילר, צו רער גאָרער זאַכן־וועלט, וואָס מ'ראַרף ראָס זעהן מיטן אויג, אָנטאַפּן מיט רי הענט, פילן אַ ציטער רערצו אין האַרצן און וואָס זי איז רער סקעלעט פאַר אונזער פסיכיק, וואָס זי פיקסירט רי אַבסטראַקציע אין רעאַלע פאָרמען, פאַרקערפּערט זי אין ממשותן און אין בילרער. אַפילו רייכקייט און איבערפלוס איז דאָ פאָרטאַטיוו, אַזוי ווי רי יידישקייט, ראָס איז ביסל מזומנים, וואָס מ'קאָן ראָס פאַרטראָגן אין קעשענע. ראָס שטערנטיכל און רי פערל, וואָס גייען איבער פון באָבע צו אייניקל, האָבן זיך שוין אויך ווי עפּעס אָנגענומען מיט יידישקייט, געוואָרן אַ טייל פון רעם פרומעם יידישן שטייגער: ראַרף מען ראָך האָבן מיט וואָס צו גיין אין שול אַריין!

מענשן מאַכן דורך אַ וועלט מיט פאַרשטאָפּטע חושים, אָנגעלאָרן רי פונקציעס פון רי חושים אויף רעם צעשרויפטן מוח, וואָס פליהט אין רער לופטן, ער זאָל שוין ספּעקולירן און אויסבריין, וואָס מ'דערזעהט ניט און דערהערט ניט, וואָס מ'טאַפּט ניט און מ'שמעקט ניט. יירן לומדים קאָנען פאַרברייננען טעג און נעכט איבער סוגיות פון אַ סוכּה, אַן עירוב, קידוש החודש און אַנדערע מאַטעריעלע אָביעקטן, און פירן ראָס אויס מיטן גראָבן פינגער, פילן ניט רי מינרסטע באַדערפעניש אין אַ צייכענונג, אין אַ ליניע, ס'זאָל מאַטעריעל נעהענטער ווערן צום אויג, צום פאַרשטאַנד. אַ גאַנצע שפּראַך איז דאָ באַשאַפן געוואָרן, וואָס אַריבער העלפט שטעקט זי אין גראָבן פינגער, אין „בע", „טע". פון רער גאָרער מאַטעריעלער וועלט איז דאָ געוואָרן אַן אַבסטראַקציע, אַ מוח־שווינדל; ראָ האָט זיך איינגע־

וואָרצלט אַ מין פסיכישע קראַנקהייט, אַ געמיש פון בטול און שנאה קעגן יעדער אַנטפּלעקונג, קעגן אַלצרינג, וואָס איז אויפגערעקט און בולט אין פאָרם און אין בילד, אין וואָרט און אין קלאַנג. אַפילו אַ נגון איז דאָ אָהן ווערטער. דאָס גאַנצע האַרץ־און געמיט־לעבן האָט מען פאַרטריבן אינעווייניג בחדרי חדרים, פאַרפּרעסט מיט אַ שווערן צניעות־שטיין, און מ׳שעמט זיך דערמיט כבושת גנב, ס׳זאָל ניט אַנטפּלעקט ווערן. ניטאָ קיין וואָרט, קיין בילד, קיין זשעסט פאַר ליבע, פאַר האַרצבאַגער. שטום, בלינד און געליימט גייט מען דורך פאַרבייַ דער פרוי, פאַרבייַ דער אייגענער צנועה, פאַרבייַ דעם קינד אַפילו, סיידן דאָס ווערט קראַנק, און רחמנות ברעכט די שעמעוודיגקייט. דאָס וואָרט באַלייַ־דיגט דאָ, אַזוי ווי אַנטבלויזט לייַב, וואָרום דאָס וואָרט אַנטפּלעקט אויך און אַנטבלויזט דאָס, וואָס ס׳דאַרף אויס־באַהאַלטן זיין, וואָרום גראָב איז דער חומר דער ווערם־קאַמער, זינדיג איז דאָס געפיל, דעם יצר־הרע׳ס שליח, און פאַרשייט איז דאָס וואָרט — דער גיהנום־אָטעם. אַלע לויערן זיי אויף טריט און שריט, זיי האָבן זיך פאַרגנבעט אין אויג, אין אויער, אין אַלע חושים, אין אַלע קעמער־לאַך פון אונזער לייב, כדי אַראָפּצופירן אונז פונם וועג פון אייַ־ביגן לעבן און געהייליגטן עטיקעט, און מ׳דאַרף זיי האַלטן אויף אַ קייט.

די ראָזיגע פאַקירן, האַלבפאַרחלשטע עולם־הבאָניקעס מיט אויסגעלאָשענע חושים און פאַרלאַנגען האָט מען דאָס געראַפט מונטערן, אַרייַנגעבן זיי אַ חשק צו עולם־הזה. דאָ האָט געמוזט געבראָכן ווערן דער יאָך פון גייַסטיגקייט, וואָס האָט געבויגן דעם גוף טיף צו דער ערד, האָט פאַ־ראַליזירט ווילן און מוט, האָט פאַרשטעלט דעם וועג צום

לעבן, צו דער וועלט און האָט גענעבן אַ פאַרענטפערונג דער פוילקייט, דער נויט, דער געפאַלנקייט, דעם גאָרן הינטישן לעבן. דער יידישער שטייגער, אַנטפּלעקט אין זיין גאַנצער פאַרקריפּלטקייט און עקל אין בילדער באַ עלטע־רע יידישע שרייבער — דאָס איז אַ מערקווירדיגער פּראָ־טעסט פון דער אויפגעשטאַנענער מאַטעריע קעגן דער רוהניות. דער תּפוס, דער גוף, האָט זיך דאָ אָפּגעריסן פון דער קייט און גענומען מאָנען זיין רעכט באַם וועקסענעם גאָטס קנעכטעלע, וואָס האָט אים געפּייניגט מיט אַ פרום פּנימל פון זיין, דעם גופס, טובה וועגן. עפּעס שטעקט אין די בילדער אַזוינס פון פרימיטיווער אורקראַפט, פון אינ־סטינקטן, וואָס זיינען שטאַרקער פאַר יערן מוח־שווינדל און רייסן זיך דורך אַ וועג דורך בערג היסטאָרישע איינ־ריידעניש און גלויבעניש. אומבּרחמנותדיג איז דאָ אַראָפּ־געריסן געוואָרן דער שלייער, וואָס האָט באַדאַרפט פאַר־דעקן די מאוסקייט, באַשיינען די אָרימקייט פון דער יידי־שער מאַטעריע מיט אַ גייסטיגן חן, מיט אַן אילוזיע פון אַ וויטזיכטיגן צוועק. ניט אין חקירה און אין ניטשעאַנישן מוסר, ווי מיר זעהען דאָס שפּעטער באַ בערדיטשעווסקין און באַ אַנדערע, נאָר גראָד אין דער פּרימיטיווקייט, אין דער מגושמדיגקייט, ווי אַזוי ס'איז דאָ אַנטפּלעקט גע־וואָרן פאַר דער ליכטיגער שיין דאָס יידישע נערגעלע און דער שלומפּער, דער איינגעשרומפּענער מאָגן און הוילע פּיאַ־טעס, דער שטוב־הקדש און דאָס רינשטאָקל,—גראָד אין אַזאַ עלעמענטאַרער אַנטבלויזקייט שטעקט די קראַפט, וואָס האָט די אוממיטלבאַרע ווירקונג, וואָס רייסט די אויגן. וואָ־רום מער פאַר אַלץ האָט דער ראָזיגער שטייגער מוראָ גע־האַט פאַר שיין, פאַר לופט; ניט אומזיסט האָט ער זיך אַזוי

אויסבאַהאַלטן פאַר אַ פרעמר אויג, אַזוי געהילט, געפּעלצט זיך, אַריינגעצויגן אין זיך, אַזוי ווי די שילדקרויט אין פּאַנצער. מיט האַס און שפּאָט ווערט דאָ געפּייניגט אין דער עלטערער יידישער ליטעראַטור אַ הונגעריגע, אויסגעמאַ־טערטע ערה, וואָרום דאָ באַנעמט מען שוין דלות און הונ־גער ניט סתם פאַר אַ פּאָלקס־אומגליק, נאָר פאַר אַ ז י נ ד, אַ פ אַ ר ב ר ע ך פון מענשן, וואָס פאַרשפּילן אַליין זייער לעבן.

עפּעס רירנדעס ליגט אין דעם, ווי אַזוי דאָ ווערט גערעדט מיט האַרץ פון געוויינטליכע זאַכן, פון נאָכגעבן דעם גוף, פּשוט פון עסן (אַ גאַנץ בוך פאַרמאָגן מיר פונם ליטווישן קרופּניק!), פון ציכטיגקייט; רירנדיג איז די תּמימות־דיגע באַגייסטערונג פאַר אַ גערטל, פאַר דער נאַטור, ווי אַזוי מ׳נעמט עפּענען באַם יידן דאָס אויג און דאָס האַרץ, אים ווייזן, אַז ס׳איז פאַראַן שיינס און גוטס אויף דער וועלט: „ר׳ אַלטער, ס׳איז שען! ר׳ אַלטער, ס׳איז גוט!“—מונטערט מענדעלי דעם פאַרזאָרגטן קבצן און ווייזט אים אַ ליבן תּמוז־טאָג, אַ זומער־פעלד, די ליכטיגע זון. דעם פּרוש, דעם בטלן מיט זיין איינגעגעסענער צניעות, וואָס ציטערט פאַר יעדער אַנטפּלעקט געפיל, נעמט מען טאָרען דעם יצר־הרע, ווייזן אים, אַז ס׳איז פאַראַן פרוי אויף דער וועלט, שיינ־קייט און גראַציע, חוץ אַ ווייב אַ יידענע, און יוגנט־ליבע, חוץ שדוך און תּכלית.

לעגאַליזירן אין יידישן פרומעם שטייגער ליבע, האַרצבאַגער — דאָס איז אַ ספּעציעל קאַפּיטל יידישע לי־טעראַטור און איינער פון אירע שענסטע אויפטוען. אָפן און שטאַרק האָט מען זיך געוואָרפן אויף אַ זייל יידיש־

קיט, אויפֿן יידישן שרוך און יידיש פֿאַמיליענלעבן. מיט חווק און· ערנסט איז דאָ געשטראָפֿט געוואָרן דער יידישער שטייגער, דער שרוך מיטן תּכלית און יחוס, וואָס ווערט געשלאָסן בײַ אַ בלאַט גמרא און בײַ אַ רינגעניש פֿאַר נרן און קעסט, און וואָס פֿאַריאָכט יונגע הערצער, דאָס לעבע־דיגע יוגנט־געפֿיל, בײַ זייטיגע צוועקן, בײַ אַ שמאַלצגרוב אָדער בײַ דער מורח־וואַנט. מיט גיפֿט און גאַל איז דאָ אויפֿגע־דעקט די צביעות און רציחות, וואָס ווערן דאָ באַגאַנגען קעגן דער יוגנט פֿון אייגענע און פֿרעמדע, און שטיל און פֿאַרגנבעט, מיט אַ האַלב מויל און מיט אַ פֿול האַרץ וועקט מען דאָ רחמנות, מחילה און אַכטונג פֿאַר די „הנאהבים והנעימים", וואָס מיינען דאָס אַזוי בנימוסדיג און צניעותדיג, „חס ושלום ניט הילטייסקע, נאָר אמת און עהרליך" [13]. פּישקע דער קרומער — די האַרצגעשיכטע פֿון אַ וויכטי קאַליקע מיט אַ האָרבאַטע מיידל — דאָס איז אַ לויבגע־זאַנג דער ליבע, אַ וועג, וואָס זעלטן ווען אַ ליטעראַטור האָט באַראַרפֿט דערצו אָנקומען, אַן אַנטרעקונג.

אין אַ צייט, ווען ראָמאַנטיזם אין דער וועלט־ליטע־ראַטור האָט שוין געהאַלטן אַזוי גוט ווי בײַ אָפּגעזונגען זיין ליד און האָט אָפּגעטראָטן אַ וועג דעם פּאָזיטיוון גע־דאַנק, דעם וויסנשאַפֿטליך־רעאַליסטישן וועלטבאַנעמען, אין אַזאַ צייט האָט בײַ אונז אָנגעהויבן צו שלאָגן אַן אָריגי־נעלער ראָמאַנטישער קוואַל, אַמאָל מיט תּמימותדיגער סענ־טימענטאַליטעט, מייסטנס מיט אַ שטילן רעאַליסטישן גרונד־טאָן. דאָ האָט געפֿעלט דער גרויסער יוגנט־ברען, די באַ־גייסטערטע פֿאַרחלומטקייט, איר פֿילט דאָ די באַהאַלטענע

---

[13] י. אַקסענפֿעלד: „דער אוצר אָדער דיא גינאַרטע וועלט", אָדעסאַ, 1870.

פאָרזיכט פאַר דער פרומער אַסקעטישער סביבה בײַ מענשן, וואָס האָבן אַליין קיין יוגנט ניט געהאַט און זײַנען אַליין באַלעסטיגט מיט דער שעמעוודיגקייט פון זייער סביבה. דער ראָמאַנטיזם איז געווען נאַטירליך פאַר אונזער ליטע־ראַטור, וואָס האָט רעמאָלט געהאַלטן בײַם אָנהויב, בײַם אויסטיילן זיך פאַר זיך; דאָס איז געווען פאַר ליטעראַטור איר ברויט — די אייגנטליך־ליטעראַרישע טעמע און סיוּ־זשעט, וואָס דערמיט האָט זי זיך אויסגעטיילט פון חקירה, מוסר־שטייגער און פובליציסטיק און וואָס האָט איר גע־זאָלט אַ וועג מאַכן, באַשאַפן פאַר איר לייענער און פאַר־הערער. אָבער צוגלייך איז דאָס געווען עפּעס מער פאַר ליטעראַטור: דאָס איז געווען אַ געזעלשאַפטליכע דינסט, אַ באַגייסטערונג פאַר אַן אויפטו, וואָס זאָל האַקן פון אַ שטיין וואַסער, אויפפרישן דאָס פאַרשטיינערטע יידישע לעבן. די יידישע ליטעראַטור האָט זיך געפונען איר וועג אין זי האָט זיך אַרויסגעשטעלט שטאַרקער פאַר יידישליכ־קייט. אַזוי ווי דעם כעלמער מלמד אין אויג דאָס ביסל אַש־שטויב פונם פאַרברענטן ס׳מ׳, אַזוי איז דאָ דעם יידיש־ליכן שטייגער אַרייַנגעשפּריצט געוואָרן דער סם פון יצר־הרע, און דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ זיכערן שליסל, אפשר דעם זיכערסטן, צו באַנייען דאָס גאָרע יידישע לעבן. אומבאַמערקט האָט זיך דאָ געגומען א ו י ס ט י י ל ן די פ ע ר ז ע נ ל י כ ק י י ט פון דער עדה.

זעלטן וואו דער יחיד איז געווען אַזוי פאַריאָכט בײַם כּלל, ווי אין דער פאַרצייטיגער יידישער עדה, וואָרום דער בונד מיטן רבונו של עולם, אַפילו מיט דער אַרומיגער וועלט, איז געווען אויף איר (דער עדהס) נאָמען; זי, די

ערה, האָט געשטעלט צוועקן פאַרן מענטשנס לעבן און אָנ־געוויזן די וועגן, געפילט די אחריות פאַרן יחיד, און ממילא געהאַלטן זיך פאַר דעם חיוב־אַפּוטרופּוס איבערן יחיד. דורות־לאַנג האָט זיך דער יחיד איינגעווינט און איז פאַרשלעפּערט געוואָרן אין כלל: דאָס איז געווען זיין טאַטע־מאַמע, זיין היים. מיטן ראָמאַנטיזם איז אויפגעוועקט געוואָרן דער יחיד מיט זיין לייד און פרייד, מיט זיין אינטים לעבן. דער אויפגעוועקטער יחיד האָט זיך געריסן פונם כלל, פון דער רוחניות און יידישן עטיקעט, וואָס האָט געשטיקט און געוואָרגן יעדעס פאַר זיך אַליין. אָבער אינגיכן האָט ער געמוזט איינזעהן, אַז אין אַ סביבה פון אַ מאַסנלעבן קאָן ער זיך ניט באַפרייען פונם כלל, נאָר ער מוז באַפרייען דעם כלל מיט זיך, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרביטערטער שטרייט פאַר געווינען דעם כלל. דער יונגער דור האָט באַ־קומען אַ דערקלער אויף זיין אומקלאָרן האַרצוויי, אַ סאַנקציע אויף זיינע יוגנט־טרוימען און מענשליך שטרעבן. פון ראַנען הויבט זיך אָן אין שלום־ושלוהריגן, דור־איין דור־אויסיגן יידישן וועלטל דער אויפשטאַנד, דער שטרייט צווישן פאָטערס און קינדער, וואָס האָט אויפגערודערט דאָס פאַרשלאָפענע יידישע לעבן, באַרייכערט דאָס מיט דעם שטרייט גופא, מיט נייע זוכן און שטרעבן. אַ דור האָט אויפגעוואַכט און גענומען בויען אַ נייע וועלט מיט אַן אָפן אויג און אַן אָפּגעמונטערט האַרץ, אָנגעהויבן פון זיך גופא.

אַזוי האָט די עלטערע יידישע ליטעראַטור געפירט אַ שטרייט פאַר דער מאַטעריע, פאַר עולם הזה. אַלצאיינס, וואָס ס׳זאָל ניט געמאָלט ווערן: הונגער־נויט אָדער אַ באַ־גראָבענע יוגנט, גלופּסקער געמויערטע באָר אָדער אַ קאָרנ־

פעלר; אַלצאיינס, ווי אַזוי דאָס זאָל ניט געזאָגט ווערן: מיט אַ קרעכץ אָדער מיט היץ, מיט אַ שטאָך אָדער מיט אַ פּסוק; אין אַלע פאַלן האָבן יידן באַדאַרפט דערזעהן די אַנטפּלעקטע עלנטקייט און העסליכקייט פון זייער לעבן, וואָס האָט ניט קיין שום פאַרענטפערונג קעגן דער שיין און מענשליכן פאַרשטאַנד. ס'האָט געהייסן אַזוי גוט ווי: יידן, איר זייט ווילדע בּרואים, איר שטעקט ווי אַ וואָרעם אין כריין און מיינט, אַז ס'איז קיין זיסערס ניטאָ. די וועלט איז גרויס און שיין, און דאָס לעבן איז געגעבן צו פרייד און גענוס.

„ריא יונגענד איז אייער גאַנץ פערמעגען, איז זיא אַוועקצולאָזען לייד"[14]). וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם יאָך פון גייסטיגקייט, וואָס בּויגט אייך צו דער ערד, גלייכט אויס דעם רוקן און דעם מוח, געניסט דאָס לעבן, קוקט מיט אָפענע אויגן און פאַרזינדיגט ניט אַ וועלט.

קורץ, די עלטערע יידישע ליטעראַטור האָט זיך די ערשטע מיט אימפּעט אַ וואָרף געטאָן שטורעמען די וואַנט, וואָס האָט אָפּגעשיידט דעם יידן פון מענש און מענשליכ־קייט — דאָס איז דאָס וועקסענע וועלטל פון רוחניות און עולם־הבּא — אָפּצוראַמען אַן אָרט פאַר דער וועלט, פאַרן געזונטן עלעמענטאַרן לעבנספאַרשטאַנד. אין דער ראָזיגער נייער לעבנספילאָזאָפיע איז שוין געגעבן אַ פּראָגראַם פאַר באַנייען דאָס גאָרע יידישע לעבן, אַ שטיצפּונקט פאַר ווייטערדיגע נצחונות פון מענשליכקייט.

---

[14]) וואָלף עהרענקראַנץ זבּאַרזער: „מקל נועם", (פּאָלקסלידער), I העפט, לעמבּערג, 1869, ז. 37.

IV

# יידישקייט

פֿון רוחניות האָבן מיר זיך נאָך ניט אויסגעטאָן;
ער היום זיינען מיר איינגעטונקען אין איבערנאָרמאַלער
גייסטיגקייט. ס'האָט זיך נאָר געביטן די פֿאָרם: פֿיל מער
גייט אונז איצט אָן וועלט־פּראָבלעמען פֿון מענשליכן גייסט
און אַרבעט, גערעכטיגקייט און שיינקייט, איידער רבנישע
שאלות־נשים און ר' לייב שרהס קפיצת־הדרך. אָבער איצט
איז דאָס שוין ווייניגסטנס ניט קיין שטער צו גייסטיגן
פּראָגרעס אין פֿאָלק. און די גרעסטע זינד פֿון דער אַלטער
רוחניות איז, וואָס בּאַ איר אומגעהייערער גייסטיגער אָנ־
געשטריינגטקייט, בּאַ איר איינגעטונקענקייט אין אַבּסטראַק־
ציעס, אין קאָפּ־ און געמיט־אַרבּעט — איז זי געווען די
גרעסטע מניעה צו אינטעלעקטועלער אַנטוויקלונג, צו מענש־
ליכן וויסן און געשמאַק.

אויף צוויי זיילן האָט זיך געהאַלטן די יידישקייט־
סיסטעם: אויף רבּנות און חסידות. וועגן רבּנות און לומדות
איז אָפּגערעדט: ווער האָט רעם די לעצטע צייטן ניט גע־
וואָרפן קיין שטיין אין קאָפּ? אַפילו דער יהרות־ייר, אחר־
העם, האָט איינגעזעהן, אַז דאָס איז אַ יידישקייט, וואָס
איז אויסגעליידיגט געוואָרן פֿון אינהאַלט, אַז ס'האָט גע־
בּראַכט צו אַ פֿאַרשטיינערט האַרץ א. אַז. וו.

ניט אַזוי איז די לאַגע איצט מיט חסידות: חסידות
איז לעגאַליזירט געוואָרן בּאַ אונז; נאָך מער, ס'איז אַריין
אין דער עסטעטישער מאָדע. נאָך רעם ווי געטער שטאַרבּן
אָפּ, מעג זייער לערע געקרוינט ווערן. היינטיגע צייטן,

ווען חסידישע תּקיפות איז שוין לאַנג געבראָכן, ווען זעלטן ווער פון אונזער דור האָט געהאַט אַליין פון דעם יאָך אויסצושטיין, ווען ס'איז שוין פאַראַן חסידים אין פּראַק, און גוטע־ייִרן פאָרן קיין אַמעריקע אויף גאַסטראָלן, היינטיגע צייטן מעגן מיר שוין פילאָזאָפירן וועגן חסידות און באַוואונדערן דעם פיינעם חוש און פילאָזאָפיש־עסטעטישן געשמאַק פון אַ פּרצן, וואָס האָט דערשפּירט דורך דער אַנטיקולטורעלער שאָלעכץ דאָס קערנדל מענשליכקייט און האַרציגע פאַרחלומטקייט, און האָט דאָס אַנטפּלעקט פאַר אונז מיט אַ ברייטער האַנט. איצט קאָן דאָס שוין הייסן אַפילו, אַז חסידות איז אַ שטיק רעמאָקראַטישע רע־וואָלוציע קעגן דער תּורה־אַריסטאָקראַטיע, וואָס זי האָט פאַריאָכט דעם גייסט און דאָס פאָלק, ממילא איז שוין חסידות אַ שטיק פּראָגרעס אין אונזער לעבן. דעם פּראָצעס תּורה־חסידות און זייער קעגנזייטיגע ווירקונג אויף אונזער לעבן האַלט איך נאָך ניט פאַרענדיגט. עלעמענטאַרע היסטאָרישע פאַקטן און לעבנס־ערשיינונגען, וואָס זיינען נאָך בּאַ אַלעמען אין זכּרון, מוזן אונז דערמאָנען, אַז אויב וואָלין האָט אונז געגעבן דעם „תּעורה", האָט מען באַ־דאַרפט האָבן די לומדישע ליטע, זי זאָל דאָס אַ סך פריהער אויפנעמען און פאַר אַ פּראַקטיש פּראָגראַם מאַכן. דאָ, אין זיין געבוירן־אָרט, אין דער חסידישער אוקראַי־נע, האָט דער „תּעורה־בּישראל" נאָך צענדליגער יאָרן געגאָלטן פאַר טרף־פּסול און מ'האָט דאָס אַפילו פאַרשפּאָרט רודפן, אַזוי שטאָק־פינסטער איז דאָ געווען, אַזוי ווייט און פרעמד איז די גאָרע השׂכּלה־באַוועגונג געווען דעם חסידישן פאָלק פון אונטן בּיז אויבן. ניט דאָ איז דאָס אָרט

אויפצומישן רעם ראָזיגן היסטאָרישן פּראָצעס[15]. איין זאַך מוז אָבער קלאָר זיין, אַז צו יענער צייט, פון יצחק בער לעווינזאָן ביז פּרצן, איז יידישקייט, דער רעאַלער אינהאַלט פון אונזער רוחניות, דערהויפּט חסידות, געווען אַ ווילדע רעאַקציאָנערע קראַפט, באַוואָפנט מיט קהלשן טעראָר, וואָס האָט געשטיקט און גערריקט דאָס יידישע לעבן, וואָס האָט פאַרשטופּט מיט שמות און שפּרוכן וואו אַ שפּאַרע פאַר יערן פרייען-געראַנק, פאַר אַלץ, וואָס קומט פון דער פרעמד, און האָט געהאַט אַ קהלשן קאַנטשיק („מקל ורצועה") קעגן יערן ווירערשפּעניגן, ער זאָל האַלטן ס׳מויל. לייענען ליליענבלומס „חטאת נעורים״, די רדיפות און פּיין, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיין פאַר דעם ביסל פריי־גייסט, קאָן מען מיינען, אַז מ׳לייענט אַ קאַפּיטל „אוריאל אַקאָסטאַ״, און ס׳גלויבט זיך קוים, אַז דאָס האָט פּאַסירט אין ליטע סך הכל מיט אַ יאָר 50—60 צוריק. נאָך ערגער איז דאָס צוגעגאַנגען אין דער מגושם־פאַנאַטישער חסידישער אוקראַינע אַ לינעצקין און הונדערטער און טויזנטער אַנדערע, וואָס אָדער זיי זיינען שווער געשטראָפט געוואָרן פאַר זייער ערשטער ליבע, פאַר דער השכלה, אָדער זיי האָבן זיך געמוזט אונטערגעבן און מאַכן דעם פרומעם אָנשטעל. און דערמאָנען מיר זיך, אין וואָס איז דאָ געגאַנגען דער שטרייט, וויניגסטנס אין אָנהויב! ניט פון קיין רעליגיעזער רעפאָרמאַציע, ניט פון קיין יסורות פון יידישקייט. אין ליטע איז מען צו אַפּיקורסות צוגע־גאַנגען מיט דער מאָס פון שלחן ערוך, פון מנהגים און

---

[15] דאָס האָט שוין אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען שאַצקעס און ריכטיג אָפּגעשאַצט די ראָל פון חסידות און לומדות אין יידישן לעבן (זעה זיין ודישען פּאַר-פּסח״).

חומרות, וואָס יערער רבל האָט מתקן געווען. דאָ איז דאָס לערנען פאַר זיך, דאָס ווייקן יום ולילה אין ש״ס און פוסקים, אָהן אַ ציל, אָהן אַ צוועק, געווען דער העכסטער רעליגיעזער־ און לעבנסגעזעץ. דאָ איז טרף געווען ניט אַליין „חכמות־חצוניות“, דאָס הייסט יערער מענשליך וויסן, נאָר אַפילו אַלטע יירישע חקירה־ספרים, וואָרום בטול־תורה איז דאָך דאָס שוין געוויס געווען; דער „מורה־נבוכים“ איז דאָ געווען אַזוי ווייט, אַזוי ווי אַ רוסישע גראַמאַטיק; און דאָס גאַנצע ביסל „פרייגייסט“, וואָס מ׳וויל געפינען בּאַ אַ ווילנער גאון, איז, וואָס ער האָט געלאָזט אַרויסגעבּן אויף העבּרעאיש עווקלידס געאָמעטריע! די חסידישע אוקראַינע איז געשטאַנען אויפן שבחי בּעש״ט; זוהַן זוהר, אָהן דעם מינדסטן פאַרשטאַנד, איז פאַר זיך געווען אַ זיכערע סגולה אויף פרומקייט און אויף עולם הבּא; דאָ האָט מען געווייקט אין די מקואות, געלאַכט פון ליטווישער תּורה און געקלעפּט אין „גוטע יירן“. דאָ איז שוין אַפילו „פּסוק“ (תּנ״ך) געווען אַפּיקורסות, דקדוק האָט געגאָלטן אַזוי גוט ווי אויסגעלאַסנקייט, און פאַר אַ פּאָר לשון־קדש־גראַמען, וואָס מ׳האָט געפּאַקט בּאַ אַ יונגען מאַן, האָט מען אַזאַ איינעם אָפּגעגט אָדער גאָר אָפּגעגעבן פאַר אַ רעקרוט.

נאָך שפּעט אין 19־טן יאָרהונדערט איז בּאַ אונז געווען די שטיקנדסטע לופט, וואָס עס איז ווען בּאַוואוסט פון שטאָק־מיטלאַלטער. פאַרהייליגט, ניט אָנצורירן, איז געווען ניט אַליין תּורה, זוהר, מנהגים, נאָר די ווילדסטע איינרייערנישן און גלויבּענישן אויך, די קאַפּאָטע און דאָס שטריימל, דער גאָרער וויסטער פרום־בּעל־הבּתישער עטי־קעט. זינד און פאַרבּרעך איז דאָ געווען ניט אַליין וויסן,

פרעמרע שפּראַכן און זיטן, אָפט העברעאישע מליצה, נאָר אַפילו אַ קורצער ראָק, אַ געפּרעסטער קאָלנער; און ניט־גלויבן אין רוחות און אין טאָטער האָט שוין געשמעקט מיט אַפּי־קורסות. אויף דעם אַלעמען איז געווען די שאַרפסטע השגחה. וואָס פאַר אַ פרייהייט פאַר פּערזענליכקייט האָט דאָ געקאָנט זיין, וואָס פאַר אַ טאָלעראַנץ, אַז פאַר אַ ווייבלס איינגעגע האָר און פאַרן ליטווישן לערערס מליצה־ספרים־לאַך פאַלן קליינע קינדער, ווי שטרוי, און גאָט שטראָפט די ערדה מיט מגפות און גזרות! יעדעס וואָרט, יעדער טריט פונם יחיד איז דאָ שטרייננג קאָנטראָלירט געוואָרן. דערויף זיינען געווען יראים ושלמים, וואָס האָבן בתמימות געפּיטערט און געהיט נשמות, און נאָך מער צבועקעס, גאָטס־סטראַפּטשעס, וואָס האָבן דערמיט געשעפּט געטריבן. און די שאַרפסטע חרמות און רדיפות זיינען געווען פאַר דעם, וואָס האָט געוואַגט איבערצוטרעטן דעם גבול, אַפילו אַן איי־גענעם געדאַנק האָבן! קורץ, מיר האָבן געהאַט אַ היימישע אינקוויזיציע מיט אַלע פּליטערלאַך.

שווער און געשטרויכלט איז דאָ געווען דער וועג פאַר דער יידישער ליטעראַטור, וואָרום מיט יעדן קרי־טיש וואָרט, מיט יעדן פּיק איז אָנגערירט געוואָרן ניט אַליין פּריווילעגיעס פון לומדים און חסידים, נאָר אויך אַ הייליגקייט פון אַ פינסטערער מאַסע, אויף אַ שפּראַך, וואָס זי האָט פאַרשטאַנען. אויף „אַ תעורה־בישראל“, וואו מ׳האָט געוויזן, אַז מ׳מעג און מ׳דאַרף לערנען און קענען לשון־קודש און דקדוק, פרעמדע שפּראַכן און ניצליכע וויסנ־שאַפטן, האָט מען נאָך געקאָנט קריגן אַ הסכמה פון אַ ליט־ווישן רב, וואָרום די שטילע קרעמעניצער טויב האָט נאָך דאָ געהאַלטן שטייגער, האָט נאָך געהאַט איין וועג, איין

שפּראַך מיטן רבֿ: פּסוקים און מדרשים און מימרות. דאָ איז ניט אָנגערירט געוואָרן קיין איין יסוד, און אַלץ האָט דאָ אויסגעזעהן אַזוי ייִדישליך: אדרבא, „חכמה“ איז גאָר די גלייכסטע פּאָר צו תּורה און אַ מעלה צו ייִדישקייט. ניט אַזוי אָבער איז דאָס צוגעגאַנגען מיט דעם זעלבנס „הפקר־וועלט“, וואָס האָט שוין גערעדט אויפן שבחי בעש“ט, אויף רביים, וואָס „קוקן אין הימל אַריין“ און אויף „זייערע פּליאַסקעס“, וואָס „דרימלען זיי איין אַ קינד אין בויך“. ניט צופעליג איז אפשר דאָס דאָזיגע אויסגעצייכנטע ווערק, וואָס איז שוין באַקאַנט געווען אין מאַנוסקריפּט נאָך די דרייסיגער יאָרן, געבליבן אומגעדרוקט בּאַם מחבּרס לעבן און דערזעהן די ליכטיגע שיין ערשט אין שלום־עליכמס „פאָלקס־ביבליאָטעק“ (1888). וואָס זשע איז שוין צו ריידן פון אַ קבלת־פּנים, וואָס איז ניט שווער געווען פּאָראויסצוזעהן פאַר אַקסענפעלדס „שטערנטיכעל“ אָדער פאַר לי־נעצקים „פּויליש יונגעל“!

גרינגער איז דאָס צוגעגאַנגען מיט ליטווישער תּורה־ייִדישקייט. דאָ איז קהלשע תּקיפות ניט געווען אַזוי פאַר־ריסן, דאָ האָט שוין די השכּלה־באַוועגונג פון ליליענטאַלס תּקופה אָן אָפּגעטאָן אַ גרויסע שטיק אַרבעט! דערהויפּט אָבער דאָ האָט אין ייִדישקייט און אין דער סביבה גע־שטעקט אַ סך חקירה און קנאַפּ טעמפּעראַמענט, און אייזיק מאיר דיק, אַ ייד מיט אַ הויכן שטערן און מיט אַ קאַל־טער לונג און לעבער, האָט געקאָנט קנעלן מיט זיינע ליט־וואַקעס שטיל און גלאַסן וועגן „ריינער“ און פאַנאַטישער ייִדישקייט, וועגן לערנען וויסנשאַפטן און שפּראַכן, וועגן קינדער־דערציהונג און וועלטליכן תּכלית, מיט אַ משל און מיט אַ פּסוק, מיט אַ מעשה און אַ מוסר־השׂכּל, בּיסלעכווייז

אונטערשוויינקען דעם פּראָפּאַגאַטישן יידישליכן שטייגער און אַרויספירן דעם בעל־מוח אויף אַ נייעם וועג צו היינט־וועלטיגער בילדונג און תּכלית. מיט מער כּרען האָט דאָס געטאָן שאַצקעס (שוין מיט אַ פאַרשפּעטיגונג) אין „יודישען פּאַר־פּסח", און ניט אַזוי די פּאָזיטיווע אַרבעט, דאָס מונ־טערן פאַר בּילדונג, ווי די נעגאַטיווע, דאָס אָפּראַמען דעם וועג פון איבערגעשפּיצטער לומדות, מגידות און ווילדע מנהגים. די גאַנצע תּוכחה, יידישע פאַרוואָרלאָזטקייט, נויט און פּיין, וואַרפט ער אויף די דאָזיגע מנהגים, און נאָך מער אויף די מנהיגים, אויף די „אייניקלעך פון דעם אַלטען מגיד, איירעמס אַ גאַנץ פּעקיל", אויף דעם „מופלג גדול מיטן קרומען מוח, פּרושים מיט שפּיציגע קעפּלעך און פערקרימטען שכל, דעם שטאָט־מתמיד אַ חריף מיט זיבּען קעפּ", — דאָס גאַנצע פּעקל תּורהניקעס, וואָס האָבּן גע־נומען די מאָנאָפּאָליע אויף יידישקייט און פירן יידן אין רעכטן וועג. אויף די דאָזיגע פּרומאַקעס האָט ער אַ בּייטש: צו נאָהענט זיינען זיי צום בּעל־טאַקסע און צו דער קהלשער שיסל, זיי זאָל אַרן די פּאָלקסנויט. פונם דאָזיגן יידן דעם למדן, וואָס וואַרפט זיך כּלומרשט אין דער ערד פאַר דער „הייליגער גמראָ", האָבּן זיי געקאָנט אויסהערן אַ קורצן און שאַרפן סך־הכּל פון זייער לומדות: „שאלות־ותּשובות מכּח עגונות, מכּח קאַלטענעוואַטע בתולות, מכּח דעם גר'ס צואה, פּלפּולים של הבל, דרשות פון פאַרפוילטע מגידים, זויערע פּרושים אויף תּנ"ך, אַלע יאָר אַ פרישן פּרוש אויף דער הגדה". זעלטן ווען די ליטווישע מגידות, די אומגליק־ליכע פייהיגקייט צו פאַרשלעפּערן דעם מענשליכן געדאַנק מיט אַ פּסוק אויף יעדן וואָרט, די ספּעציעלע פּיפּיגקייט צו פּייניגן פּסוקים, מאַכן דעם חד־גדיא פאַר יוסף הצדיק,

רעם שונרא — פאַרן יצר הרע, און די שרים (אין שיר־השירים) פאַר תּורה שבּעל־פּה, זעלטן ווען די ראָזיגע מגירות האָט געכאַפּט אַזאַ קלאַפּ, אַזוי צו שפּאָט און גע־לעכטער געוואָרן, ווי אין מויל בּאַ רעם יירישן שרייבּער, וואָס האָט אַליין גערערט מיט פּסוקים און געשטרעבּט אַראָפּ־צופירן יירן פונם דרך הישר מיט אייזערנע ראיות פון דער תּורה און פון לומרישע אַווטאָריטעטן.

געפערליכער איז געווען די אַרבּעט אין דער גע־ריכטער חסידישער מאַסע, וואָס האָט געבּרענט מיט בּאַ־גייסטערונג פאַר גוט־יירישע מופתים און מיט ווילרן פאַ־נאַטיזם קענגן יערן קריטיש וואָרט, אַפילו פון „אַנשי שלומנו“, נאָר פון אַן אַנרער שטיבּל, ווער שמועסט שוין פון אַ זייטיגן. רא איז קיין פּשרה ניט מעגליך געווען, און קיין איבּערצייגן האָט ניט געהאָלפן. און ראָרט, וואו לאָגיק שטייט נישט צו, איז חוזק און געלעכטער ראָס זיכערסטע געווער. אויף דער גוט־יירישער עבורה־זרה, אויף רעם מגושמרינגן פאַנאַטיזם האָט זיך רא די יירישע ליטעראַטור אַרויפגעוואָרפן מיט רער שאַרפסטער סאַטירע, מיט רעם בּייסנריגסטן געשפּעט, אָפּט אַזוי מגושם, ווי רער פאַנאַטיזם גופא, וואָס זאָל בּאַם פאָלק אין די אויגן אַראָפּרייסן פונם נעץ די מאַסקע הייליגקייט, בּלינרע זאָלן אָנטאַפּן, אַז זיי רינען צו בּעק און שווינרלער, ניט צו קיין הימל־מענטשן. ראָס חסידות אין רער מגושמריגסטער פאָרם, אין רינען „גוטע־יירן“, ראָס איז אַ מין ערן־טעמע, אַן עקזאַמען פאַר יערן עלטערן יירישן שרייבּער (חוץ מענרעלין), און כּמעט אַלע אין איין טאָן. רא איז שוין געזאָגט געווען, אַז רער קרעמעניצער משׂכּילישער רבּי האָט אין זיין „הפקר־וועלט“ רער ערשטער אַ בּיס געטאָן ראָס „גוט־יירישקייט“, אין אַ

געווּיסער מאָס געשטעלט דעם טאָן. מיט אַ שטילער איראָ־
ניע רעדט ער פון די הימל־מענשן (רביים), וואָס „פון דער
ביטערער פרנסה־וועגן מוז מען קענען אַ מופתל אויך באַ־
װײַזן”, וואָס „אַפילו נגונים’ליך דערלאַנגט מען זיי אַראָפּ
פון דעם הימעל”. שאַרפער דערמאָנט ער, אַז „אַ פעקילמאַכער
(קאָנטראַבאַנדיסט) איז ביי די רביים דאָס אויבערשטע פון
דעם שטייסיל”, און מיט פאַרביטערונג ווערט גערעדט פון
די „פּלעסקערס די חסידים”, וואָס „טרינקען בראָנפין,
טאַנצען ביים רבין” און זיינען קאַפּאַבל „מאַכן אַ בלבול”,
אָדער גאָר „אַ קרימינאַל” אויף אַ בעל־דרשן, אַ מוכיח. אין
דעם זעלבן וועג: אַראָפּרייסן די מאַסקע, אויפרעקן דעם
שווינדל, זיינען געגאַנגען אַקסענפעלד און גאָטלאָבער,
אליקום צונזער און וועלוול זבאַרושער און אַלע אַנדערע
ביז פּרצן. און אַפילו דער ציכטיג־אָפּגעהיטער צווייפעל,
וואָס האָט שוין פריה צו זיין צייט באַוויזן טיפער און
פיינער באַנעמען דעם קערן פון חסידות (אין זיין „שלום־
על־ישראל”), אין געוויסן זין פּרצס אַ פאָרגייער אין דעם
פּרט, אַפילו ער וייסט אַ פּיק צו טון די גוט־יידישקייט [16].

דעם העכסטן טאָן האָט די ראָזינגע סאַטיריש־אויפּ־
רייסערישע ליטעראַטור דערלאַנגט באַ לינעצקין. „דאָס פּויי־
לישע יונגעל” איז ניט סתם דער שאַרפסטער פּאַמפּלעט,
וואָס איז ווען עס איז געשריבן געוואָרן קעגן חסידית, דאָס
איז אַ באָמבע, וואָס נאָר אַן אינעווייניגסטער שונא האָט
געוואוסט אַזוי צו טרעפן. מיט אַ האַס פון אַ מענשן, וואָס
איז אַליין אַזוי פיל אויסגעשטאַנען פון דער חסידישער
אינקוויזיציע, מיט אַ באַגייסטערונג פון איינעם, וואָס ס’האָבן

---

[16] „די קליינע וועלט אָדער אַהער און אַהין”, סטראָפּע 5, „פאָלקס ביבליאָטעק”, I., ז. 50.

זיך אים די אויגן געעפנט אויף אַ פּאַרפּעסטעטן קוואַל, וואָס האָט אים גופא געהאַט פאַרסמט און פאַרדאָרבן אַ גאַנץ פאָלק, מיט אַ טעמפּעראַמענט פון אַ צעפלאַמטער פאַנ־טאַזיע און אַ גיפטיגער פען, קורץ, מיט אַ ריין־חסידישן ברען איז דאָ אַנטפּלעקט געוואָרן דאָס געמיינסטע און נידע־ריגסטע, וואָס האָט געשווינדלט און געגריבלט אין דער קליינשטעטלדיגער חסידישער קאַלוזשע. און געטאָן איז דאָס געוואָרן אין אַזאַ מגושמדיגן טאָן, וואָס האָט אַמ־שטאַרקסטן באַראַרפּט אויפרייצן און אויסנעמען בּאַ אַ מגושם־פאַנאַטישער מאַסע. חסידישער שטיינער—דאָס איז אַ גרויסע גוט־פאַרצווייגטע שווינדלער־באַנדע מיט אַ „רבין" אויבן אָן מאַטעריעל צו עקספּלואַטירן דאָס דערשלאָגענע, אומוויסנ־דיגע פאָלק און גייסטיג צו האַלטן דאָס אין פינסטערניש און אונטערטעניגקייט. ניט קיין תּורה, ניט קיין פרומקייט, ניט קיין פאָלקס־ליד, ניט קיין עולם־הבּא, ניט קיין קלוג־שאַפט, ניט קיין יחוס אַפילו, נאָר עם־הארצות און פאַר־דאָרבנקייט, אַ גזלניש האַרץ און אַפּעטיטן פון בּלוט־צאַפּערס, צוזאַמען מיט נאַרישקייט און ווילדער פאַרחושטקייט האָבן געשלאָסן אַ בונד צו פירן אַן עדה יידן אין דער טשע־רערע מיט אַ מאַסקע פון פרומקייט און מופתים און שערן די דערשראָקענע לעמעלאַך, אַליין צו לעבן אַ גוטן טאָג, זיך נאָכגעבן די גראָבּסטע תּאוות, און פאַרמאַכן דאָס מויל יעדן קעגנער, יעדן מענשן מיט אַן אָפן אויג, מיט דעם געמיינסטן טעראָר, וואָס גיט נאָר צווישן פּראָפעסיאָנעלע פאַר־ברעכער.

טריט בּאַ טריט גייט ער נאָך דעם לעבן פונם חסידישן יידן פונם וויג בּיז דער גרוב: די ווילדע דערציהונג, דעם ווּיסטן חדר, דעם הקדש — די שטוב, אַלטפּרענקישע זיטן און

מנהגים, שמחות און צרות, די צעיושעטע קלויז, די יונגע־לייטלאַך מיטן שפּורן תּקון און מקואות, די גבאישע לייב־גוואַרדיע מיטן „גוטן יידן" אַליין, דעם „טיש" מיט דער שווינדל־תּורה, פּדיונות און מופתים, די פאַרדאָרבנקייט פון דער גוט־יידישער שטוב און סביבה — דעם גאַנצן וועג פון דער חסידישער לעבנס־סיסטעם. דאָס אַלץ זאָל באַווייזן, אַז חסידות — דאָס איז די פּיאַווקע, וואָס זויגט אויס אַלע לעבעדיגע זאַפטן באַם פאָלק, וואָס האָט פאַרוואַנדלט די גרויסע מאַסע אין אַ מחנה וויסטע קאַליקעס און בעטלער, געפירט פון אַ באַנדע צבועקעס און בלוטזויגער, הינטער־שטעליג קעגן דער וועלט, פאַרהאַסט אין לאַנד, צו שאַנד און צו שפּאָט באַ אַלעמען אין די אויגן.

וויפיל דאָ אין „פּוילישען יונגעל" אָדער אין אַ גאָט־לאָזערס „גלגול" און דאָסגלייכן זאָל ניט זיין איבערגע־טריבן, פאַרשריגן, חוזק און צו להכעיס, שטעקט דאָ דאָך אַ סך באַאָבאַכטונג, קערנדיגקייט, וואָס פאַרבינדט דאָס מיט אַ רעאַלער יידישער וועלט. און נאָך מער איז דאָ האַרצוויי פאַר אַ וויסטן יידישן רוחניות־שטייגער, האַס צו בלינדע פירער און פאַרפירער און אַ באַגייסטערונג פאַר אַ פרייער אַ ליכטיגער וועלט, פאַר אַן אידעאַלן אויפגעקלערטן מענשן־כלל. דער פאַרצווייפלטער האַרטער קאַמף פון דער עלטע־רער יידישער ליטעראַטור קעגן חסידות האָט ריכטיג גע־צילט. ער האָט געטראָפן ניט נאָר זיכערער פאַר מתנגדישע חרמס און רדיפות, נאָר פאַר דער גאָרער מליצהדיגער השכּלה־ליטעראַטור אויך, און אַ סך ווייטער, איידער ער האָט זיך אַליין געריכט: דאָ איז ניט געווען אַזוי גרויס די מליצהדיגע הכנעה פאַר דער „געלייטערטער תּורה", צו־זאַמען מיט דער חסידישער עבודה־זרה איז דאָ ממילא אונ־

טערגעשווייגקט געוואָרן די אַווטאָריטאַרע אמונה, און ספּע־ציעל די איינגנטימליך־יידישע רעאַלע גלויבנסאַרט, וואָס האָט געמאַכט פון יראַת־שמים — אַ לעבנסשטייגער, פון נעגל אָפּגיסן ביז קריאת־שמע לייענען, פון פרומקייט — מאָראַל, פון שלחן־ערוך — אַ פּאָלקסבוך, קורץ, וואָס האָט געמאַכט פון תּורת־משה — יידישקייט. די ראָזינע יידישקייט איז גע־וואָרן אויס מוז פאַקן יונגען דור, וואָס האָט זיך געהאַלטן טיף באַהעפט מיטן כּלל, האָט שוין אָבער געפילט און גע־דיינקט מענשליך. דער פּרט האָט געוואונען זיין אינדיווידו־עלע פרייהייט, געבליבן דערביי געטריי דעם כּלל. דעם כּללס רעליגיעזער קאָנטראָל איז געבראָכן געוואָרן, און ס'איז שוין געווען דעם פּרטס זאַך שטעלן זיך צוועקן און זוכן זיך וועגן, געפינען אַ פּאַרענטפער פאַר זיין לעבן און שטערבן.

# V

## דער אָנהויב פון סאָציאַלן קאַמף

אויבן־אויף האָט די פרומע ערה געקאָנט מאַכן דעם איינדרוק פון איין סאָציאַל געוועב. יידישקייט, אמונה, וואָס איז געוואָרן אַ לעבנסשטייגער און אַ לעבנסצוועק, האָט ווי פאַרדעקט אינעווייניגסטע סאָציאַלע סתּירות און גרופּן־אינ־טערעסן. דער אויסערער יאָך, רדיפות און אומבאַהאָלפנ־קייט, האָט נאָך מער באַהעפט דעם כּלל, געמאַכט פון אַחרות — אַ קמיע, אַ פּאַנצער קעגן יידישע צרות און גזירות. באמת איז דאָס יידישע לעבן שוין יענע צייטן געווען גאָר ווייט פון שלום ושלוה: די עלעמענטאַרע סתּירה צווישן אָרים און רייך איז דאָ געווען ניט לינדער, ווי באַ יערן

אַנדערן פאָלק. די גרויסע אָרימע מאַסע אַרבעטסלייט, מעק־לער, ווינטמענשן און סתם אָרימע לייט האָט געהאַט אויף זיך דעם עקאָנאָמישן יאָך פונם „ברויטגעבער״, פונם גביר, פונם פּראָצענטניק, און אַ טאָפּלטן דרוק פון דער רעאַקציע אין לאַנד און היימישן קהל. אין קהל, אין דער אָליגאַר־כיע פון „שיינע יידן״, וואָס האָט נאָך ביז מיטן 19־טן יאָרהונדערט שטאַרק געשמעקט מיט „אוטשאַסטאָק״ און האָט נאָך נאָכדעם אויך ניט אָנגעוואָרן ציין און נעגל, אין קהל האָט די באַנדע שטאָט־בעלי־טובות געהאַט אַ בייטש און אַ צוים קעגן דעם געמיינעם מאַן, וואָס האָט זיך געוואָלט אַרויסהעלפן פון אָרימקייט און געפאַלנקייט, אַ געווער קעגן יעדער רעפאָרם אין יידישן לעבן (בילדונג, מלאָכה, ערד־אַרבעט). דאָ האָט געשוויבלט און געגריבלט מיט בעלי־טאַקסעס, רעפּוטאַטן, זבאָרשטשיקעס, נאמנים, גבאים, תּקיפים, מוסרים און גלאַט שיינע יידן, וואָס האָבן געמאָלקן די קהלשע קו און האָבן געמאַכט מיט יידישקייט אַ גוט געשעפט. די טאַקסע, די ליכטפּאַכט, ראַסקלאַדקעס, רעקרוטן און אַנדערע אָנשיקענישן איז געווען אַ זיכער מיטל אויס־צופּאָמפּן דעם לעצטן גראָשן פונם אָרימאַנס קעשענע און דעם לעצטן פונק זעלבשטענדיגקייט. די פּאַר־שימלטע יידישע צדקה האָט געזאָלט מכפּר זיין אויף דער זינד קעגן דעם אָרימען ביטער־עקספּלואַטירטן פאָלק און איז באמת געווען אַ קוואַל פון רעמאָראַליזאַציע פאַר די נעמער און פאַר די־טוער. עפּעס האָט געברויזט אינעווייניג אין פאָלק, ס׳איז געקומען צו מחלוקותן, צו צאַנקערייען. נאָר אין דער עקאָנאָמיש־ און פּאָליטיש־אָפּגעשטאַנענער, שוואַך־דיפערענצירטער יידישער מאַסע האָט דער אינסטינק־טיווער שטרייט קיין געזעלשאַפטליכן אויסדרוק, קיין נאָמען

ניט געהאַט. די יידישע ליטעראַטור האָט דאָס געגעבן:
קהל און טאַקסע.

אין דעם פּרט האָט די יידישע ליטעראַטור, צווישן דער השכּלה־ליטעראַטור בכלל, דעם גרעסטן, דעם וויכטיגסטן פאַרדינסט. בעת צווישן דער מאַסע חבורים, וואָס יצחק בער לעווינזאָן, דער פאָטער פון השכּלה אין רוסלאַנד, האָט געשריבן אויף העברעאיש, וועט איר שווערליך געפינען עטליכע שורות וועגן די אינעווייניגסטע סאָציאַלע וויטאָגן אין פאָלק, — איז דערמיט פול זיין „הפקר־וועלט“, דאָס איינציגע ווערקל, וואָס ער האָט געשריבן אויף יידיש. די העברעאישע השכּלה־ליטעראַטור האָט געפּרעדיגט אין פּראָזע און אין גראַמען השכּלה, בילדונג, מאָדערנע ראַבינער (שפּעטער האָט זי זיך געקאָנט דערוועגן ריידן וועגן רעליגיעזע רעפאָרמעס אויך); זי האָט דערמאָנט וועגן מלאָכה און ערד־אַרבעט, בעצם איז זי אָבער געווען אַ רוחניות־ליטעראַטור, נאָר אויף אַ נייעם שטייגער. דאָ האָט מען גערעדט צום בעל־תנ״ך, צום וואויל־לערנער; און חקירה, אַ פּרוש אויף אַ שווערן פּסוק, העברעאישע פילאָלאָגיע און מליצה איז דאָ אָנגעגאַנגען אַ סך מער, איידער די זינדיגע ערד. די יידישע ליטעראַטור האָט אָבער גערעדט אויף אַ האָכע־דיגער שפּראַך און האָט געקאָנט אויסשטעלן נאָר אויף אַ וואָכעדיגן עולם; דאָס איז, אייגנטליך, געווען אַ ליטעראַטור פון אָרימקייט. מיר האָבן שוין געזעהן, ווי זי האָט אַרויס־געגעבן און אַנטפּלעקט דעם יידישן דלות, די יידישע טאָרבע. זי האָט געהאַט פאַר זיך אַ מאַטעריעלע וועלט מיט מאַטעריעלע אינטערעסן, און פון דער ערשטער מינוט אָן האָט זי באַוויזן אַ שאַרפן חוש פאַר דעם אינעווייניגסטן סאָציאַלן און עקאָנאָמישן אומרעכט אין יידישן לעבן, וואָס

דאָס איז, אגב, געווען איינע פון די וויכטיגסטע סבּות פון
יידישער אָרימקייט, אָפּגעשטאַנענקייט און דערשלאָגנקייט.

שוין אין „הפקר־וועלט" זעהען מיר אַ בּילד פון
יידישע בּעלי־טובות, פון „פּרנס־חדשים גנבים, רוצחים",
דאָס לייגן זיך נאָר, זיי זאָלן „רייך ווערן פון אָרימע לייט",
פון דער בּאַנרע „סיפּאַקעס", וואָס צוזאַמען מיט נגידים
בּאַרייסן זיי די דערשלאָגענע מאַסע מיט דער טאַקסע, מיט
„קאַשע־געלר", מיט „אָקסין־געלר", מיט טורמע־געלר" און
אַנדערע נתינות, לעבּן אַ גוטן טאָג און האַלטן דעם עולם
אין דער מוראָ מיט פאַלשע שבועות, מיט מסירות, „פּאָ־
סטאָיען", דערהויפּט אָבּער מיט רעקרוטן. „זינר מען נעמט
רעקרוטען ציטערט נעבּיך דער געמיינער עולם דאָס מויל צו
עפינען: אַ כּלל ער איז נאָר פאַרקויפט בּיים עושר ווי איין
עבר כּנעני" — דאָ ווערט אויפגערעקט די גאָרע קהלשע
רציחות פון רעקרוטן־נעמען: „מען האָט נאָך ניט אַוועק־
געגעבּען קיין עושרס קינר, קיין שום תּקיפס קינר... נאָר
אָרימע לייטס קינדער, נעבּיך, עהרליכע בּעלי־מלאָכות קינדער,
וואָס העלפען זייערע עלטערען אַרבּייטין". אומגליקליכע אָרי־
מע קינדער, אַ קרבּן פון קהלס פאַרבּרעך: „איר זאָלט
זעהען... ווי מען שלעפּט פּיצליך קינדערליך, ווי די חזרים,
פון דער מוטערס שויס! דאָס רחמנות צובּרעכט דאָס
האַרץ... ווי קען מען דאָס נאָר אויסהאַלטען, אַז מען זעהט
קליינע קינדערליך בּעטען די פאָטער און מוטער זאָלען זיי
בּלינר מאַכען, אָדער עפּיס איין אַנדער מום מאַכען, כּדי זיי
זאָלען פּטור ווערען פון שרעקען". דער ליטווישער אורח אין
דרייגעשפּרעך אין דער „הפקר־וועלט" מאַכט דאָ אַ קורצן
סך־הכּל: „סרום איז נאָך אַ הונט אַנטקעגען אייער (וואָלינער)
קהל מיט אייערע אָראַווטשיקעס מיט זייערע רציחות וגנבות".

אָבער ניט פיל בעסער איז דאָס צוגעגאַנגען אין ליטע אויך מיט אירע „לומדים און חכמים". איר װעט הערן באַ שאַצ־קעסן (אין „יורישען פאַר־פסח") אַ יאָמערליד פון קרופּניק: „איין געריכט איז דאָ אין דער ליטאָ, מע רופט אים ,קרופּניק'... דאָס איז גאָלע װאַסער מיט גראָפּען". אינם ראָזינן קרופּניק איז פאַרקערפּערט די נאָרע יידישע אָרימ־קייט און הונגערנויט. און „װילט איר אפשר קאָנען די מוטער, װאָס האָט געבוירן אונז דעם קרופּניק? דאָס איז די ארורה די טאַקסע". און איר װעט הערן װייטער אַ ביטערע איראָניע, װי די טאַקסע איז שוין געװאָרן באַ יידן אַ שטיק יידישקייט, כמעט אַ טראַדיציע פון „תורה שבעל־פּה", און די שאַרפסטע רייד װעגן כלי־קודש, װאָס לעבן „אויפן פרעמדן חשבון" און שטיצן בלוטצאַפּערס, פאָלקספיינט.

דעם גרעסטן פּאַטאָס האָט דער ראָזיגער װייגעשריי קעגן פאָלקס־עקספּלואַטאַציע דערלאַנגט אין מענדעלים „טאַק־סע". דאָס איז אַ באַשולדיגונגס־אַקט קעגן דער גילדענער פּאָן, קעגן יידישע גבירים און יחסנים, װאָס האָבן געמאַכט יד־אחת מיט דער געמיינסטער באַנדע מוסרים, תקיפים, קהל־צאַפּעס און שטאָט־שקצים צו רויבן אין מיטן העלן טאָג די אָרימע יידישע מאַסע און הערשן איבער איר ביד רמה. צװיי װעלטן: אונטן אַ דערשלאָגענע, אָרימע מאַסע אַרבעטס־מענשן און סתם געפּאַלענע, װאָס װאַגט ניט אַ מויל עפענען קעגן קהלשער עקספּלואַטאַציע און רציחות, װאָס קאָנען אין בעסטן פאַל בעטן רחמים, אַ נדבה, נאָר ניט פּראָ־טעסטירן, — און אויבן די באַנדע שטאָט בעלי־טובות, װאָס צאַפּן אויס באַ דער ראָזיגער מאַסע דעם מאַרך פון די ביינער און פאַרזאָרגן זי מיט יידישקייט, מיט רבנים, שוחטים, מנקרים, מיטן גאַנצן פעקל כלי־קודש, װאָס איז באַ

זיי פאַרקנעכט, וואָס איז בײַ זיי געוואָרן אַ געצייג אין די הענט קעגן דער ראָזיגער מאַסע. איר זעהט דאָ „ספּאָדיק“, דעם מיוחס, דעם צעבראָכענעם יידן דעם רעדלפירער, וואָס לעבט פון עולמות־געלט, פון חברות־געלט און קרעכצט, נעבעך, אויף יידישע צרות און אָרימקייט, דעם „תּם“, וואָס איז איינגעגלויבט, אַז אַזוי דאַרף זיין, אַזוי האָט גאָט אַליין געהייסן און וואָס ווילן, אייגנטליך, אַפּיקורסים? איר זעהט די „פּיאַווקינס“, די שינדערס, די גאַנצע כנופיה האַווקעהינט, וואָס טוען אָפּ די גאַנצע שוואַרצע אַרבעט פאַר די שיינע יידן און לעקן דערפאַר אָפּ אַ ביינדל פונם פעטן קהל־טיש. איר שטוינט ממש, ווען איר לייענט אַ סצענע, ווי די „כאַליאַסטרע“ בעלי־מלאכות און אָרימע לייט רייסן זיך אַריין אין קהל־שטיבל בעטן רחמים, מ׳זאָל אַראָפּנעמען דעם קהלשן אָפּצאָל פון ליכט, דער אַרענדאַר זאָל נישט האָבן קיין תּירוץ צו רייסן, וויפיל דאָס האַרץ גלוסט, און ווי עטליכע שיינע יידן צעטרייבן זיי מיט אַן אָנגבייזער, אַזוי ווי אַ טשאַטע הינט מיט אַ בייטש. דאָס דראַמאַטישע אין דער דראַמע איז נישט דער קאַמף צווישן דער באַרויבטער מאַסע און דער באַנדע רויבער, נאָר דער שטילער, אינעווייניגסטער געראַנגל צווישן פאַרשיידענע כנופיות און אַפּעטיטן, וואָס ווילן אַרויסרייסן איינס בײַם אַנדערן דעם פעטן קהלשן ביסן. מ׳רייסט זיך און מ׳בייסט זיך, מ׳שטעלט זיך הינטערפּיסלאַך און מ׳מאַכט אַ גנבהשן שלום, וואָרום סאָלידאַר איז מען קעגן דרויסן, קעגן דער טשערערע קהלשע שאָף. ס׳פעלט נישט אין דער כנופיה דער אויפגעקלערטער גביר אויך („שטאַנדהאַפט“): אינטעררעליגיעז איז די באַנדע, עפּעס אַזוי ווי אינטערנאַציאָנאַל איז אין אונזערע צייטן דער קאַפּיטאַל. בורזשואַזע עקספּלואַטאַציע איז אָבער

אַ גרויסע מדרגה יושר און דערהויפּט וועלט־בויאונג קעגן אונזערע היימישע בעלי־טובות און שטאָט־פּאַרזאָרגער: האָט דאָך די בורזשואַזיע געבויט פאַבריקן, זאָל זיין מיט פרעמדע הענט, האָט זי דאָך געטאָן עפּעס צו אָרגאַניזירן אינדוסטריע און קולטור, צו פאַרמערן מאַטעריעלע און גייסטיגע גיטער, זאָל זיין, אַז נאָר פאַר איר אייגן וואויל וועגן, בעת קהל איז אַ פאַבריק פון יידישקייט, און דער קאַפּיטאַל איז דאָ די דערשלאָגנקייט און פינסטערניש פון דער פאַרקנעכטער מאַסע.

אין דער „טאַקסע" האָבן מיר פאַר זיך אַ המון, וואָס ווייסט נאָך ניט, ווי אַזוי צו ווערן זיך, האָט נאָך ניט דעם מוט אַזוינס צו טון, און קוים ווייסט ער רעכט וואָס צו פאַרלאַנגען. דער נאַאיווער אייזיק זאַאיקע, וואָס וויל אַלץ דערגיין דעם אמת, פאַרוואָס טאָר מען ניט קוילען קיין קאַפּהינער (ס'טויג ניט פאַר דער טאַקסע!), איז דאָ עלנט, ער קומט אום אין אומגלייכן קאַמף מיט דער כנופיה שטאָט־פאַרזאָרגער, אַ „קרבן פאַר זיין עהרליכקייט". קיינער שטיצט אים ניט. אין „שטאָט־נאַר", דער משכיל־וועקער (דעם מחברס שופר), זעהט דאָ צו מיט אַן אָפן אויג די מערדערישע שפּיל און האָט דעם מוט דאָס אָפן צו זאָגן פאַר דעם געפּייניגטן עולם. ער גופא מוז אָבער אויך אָפּ־טרעטן, אַנטלויפן פון גלופּסק, וואו פאַר אַן ערליכן מענשן איז געפערליך צו בלייבן. אָבער דאָ, ווי אין אַנדערע עלטערע יידישע שריפטן, איז שוין אײן זאַך זיכער דער־לאַנגט: ס'איז אויפגעדעקט די געזעלשאַפטליכע סתירה צווישן אָרים און רייך, וואָס איז געווען פאַרדעקט מיט אַ גע־ריכטן קנויל שווינדל — יידישקייט, און ס'איז אָנגעוויזן דער פיינט. די אָרימע יידישע מאַסע איז דאָ קאָנסאָלידירט געוואָרן און שאַרף אַוועקגעשטעלט קעגן

דער גביריש־כּלי־קודשריגער כּגופיה רערלפירער. ס׳וואָלט געוועז נאַאיוו פון יענעם דור שרייבער און פאַר יענער צייט, ווען די יידישע מאַסע איז נאָך געווען אַזוי שוואַך דיפערענצירט, מ׳זאָל אויסטיילן איין באַשטימטן סאָציאַלן שיכט, לאָמיר זאָגן דאָס אַרבעטס־פאָלק, און דאָס באַוואָפּע־נען מיט אייגענע צוועקן און וועגן. דאָ האַלטן מיר נאָך באַ אַ פּרימיטיווער סטאַדיע פּאַטריאַרכאַל־רויבערישער אַרבעט, ווען גערויבט ווערט די גאַנצע עדה מיט דער הילף פון קהל און יידישקייט, וואָס בורזשואַזע עקספּלואַטאַציע איז אַקעגן דעם נאָך אַ צו ווייטע און הויכע מדרגה. קעגן דעם האָט די עלטערע יידישע ליטעראַטור באַשאַפן אַ פאָלקס אידעאָלאָגיע, אַן אָנהויב פון „פאָלקיזם״, וואָס טיילט דאָ אויס די גאָרע אָרימע דערשלאָגענע מאַסע, מייסטנס אַרבעטס־מענשן פון דער ניט דיפערענצירטער סביבה, אַנט־פּלעקט פאַר איר אירע פיינט: קהל מיט זיינע אינסטיטו־ציעס, און מאַכט די מאַסע פון אַן אָביעקט פאַר קהל אַ סוביעקט פאַר זיך.

מעג דאָ אַפילו פאַרבויגן זיין די טיפערע סבה: די גאָרע עקאָנאָמישע אָרדענונג און די רעאַקציע אין לאַנד, וואָס האָט באַוואָפנט קהל מיט אַזאַ כּוח קעגן פאָלק; מעג דאָ אַפילו נאַאיוו, אפשר מיט אַ פאַרשטעלטער כּונה, געקרוינט און געהויכט ווערן די רעגירונג, וואָס מיינט יידן גוטס, נאָר שלעכטע היימישע פּאַסטוכער דערלאָזן ניט, — ווייסן מיר דאָך, ווי פּאַמעליך, האַרט באַ דער ערד גייט צו אַ פאָלקס־דערציהונג. ספּעציעל וועגן דער באַציהונג צו דער רעגי־רונג, דאַרף מען ניט פאַרגעסן, אַז זי, די רעגירונג, האָט די ערשטע צייט, פון אירע צוועקן וועגן, געשטיצט די פּראָגרעסיווע, די אויפקלערונגס־פּאַרטיי באַ יידן, איר שטרעב־

צו רעפאָרמירן דאָס יידישע לעבן (אוואַראָווס בילדונגס־רעפאָרם, יידישע קאָלאָניזאַציע), און מ'דאַרף זיך אָפּן זאָגן, אַז ווען ניט די דאָזיגע שטיץ, וואָלט די אויפקלערונגס־אַרבעט צוגעגאַנגען אַ סך שווערער. אויף דער רעגירונג איז מקוים געוואָרן מעפיסטאָפעלס וואָרט: זי האָט געמיינט שלעכטס און האָט געטאָן גוטס, די עלנטע קליינע השכלה־פּאַרטיי האָט בכן געמוזט אַריינגעמען די רעגירונג אין חשבון אַלס אַ פּאָזיטיוון פאַקטאָר. יענפאַלס איז דאָ אין דער עלטערער יידישער ליטעראַטור אויפגעוועקט געוואָרן דער עלעמענ־טאַרער סאָציאַלער חוש בײַ דער מאַסע, און ס'איז אַריינ־געטראָגן געווען דער עלעמענט פון סאָציאַלן שטרייט, וואָס באַפרוכפּערט און באַרייכערט יענע סאָציאַלע סביבה. דאָס פאַרשלאָפן יידיש וועלטל איז אויפגעוועקט געוואָרן: אָנשטאָט פריהערדיגע ווילדע מחלוקת און פעטש פאַר שישי און גבאות, פאַר אַ רב און אַ חזן, איז די צעכאָווע קלייזלאַך געעפנט געוואָרן די אויגן אויף דעם גרויסן בית־מדרש, אויף די ספּאָריקס און תּמס, וואָס האָבן אויף זיי אַרויפגעלעגט אַ שטייער פאַר יידישקייט, עפּעס ווי שייכן פון אַראַבישע שבטים אין ווילדן מדבר. דער אויפגעוועקטער סאָציאַלער פאַרשטאַנד לאָזט זיך מער ניט פאַרשלעפערן; ער בוערט און ענגבערט, ביז ער קומט ניט צום קלאָרן אויסדרוק. אַן אָפּקלאַנג דערפון איז דער קאַמף, וואָס די רוסיש־יידישע פּובליציסטיק האָט געפירט קעגן קהל. די יידישע מאַסע האָט נאָך ניט אַזוי גיך אַראָפּגעוואָרפן די קייטן (דערצו זיינען געווען אַ סך מניעות), אָבער זי איז אַרויס פון דער הכנעה. די שפּעטערדיגע קריטישע תּקופה אין יידישן פאָלקסלעבן, אין די 80־ער יאָרן, האָבן געטראָפן די

יידישע מאַסע אַ סך רייפער און גרייטער; דער בעסטער סימן, אַז די יידישע ליטעראַטור האָט געטאָן איר זאַך און אויפגעטאָן.

## VI

## די פּאָזיטיווע פּראָגראַם

אַ סך צעשטערונגס־אַרבעט האָט געמוזט אויפטון די עלטערע יידישע ליטעראַטור, ביז זי איז געקומען צו איר רעכטן ברען, צו איר פּאָזיטיווער פּראָגראַם: ניט אַזוי גרינג און גלאַט איז דאָס צוגעגאַנגען ראַמען דעם גרויסן מיסטקאַסטן, אַראָפּשאַרן פון די מוחות די בערג שימל און שטויב, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן הונדערטער־יאָרן־לאַנג. אין אַ סך פאַלן, און גראָד אין די ליטעראַריש־פיינערע, איז מען, אייגנטליך, געקומען צו דער ראָזיגער פּראָגראַם אומדירעקט, דורך צעשטערונג: דער וויסטער יידי־שער שטייגער זאָל ממילא עפענען די אויגן אויף שענערס און בעסערס. די פּאָזיטיווע פּראָגראַם פון דער עלטערער יידישער ליטעראַטור (וואָרום דאָס איז געווען אַ פּראָגראַם־ליטעראַטור!) איז די השכלה־אידעאַלן: בילדונג און פּראָדוקטיווע אַרבעט (מלאכה, ערד־אַרבעט). היינטיגע צייטן, ווען „געשטורירטע", און נאָך מער עקסטערנעס האָבן מיר איבערגענוג, און דאָס פאָלק רייסט זיך מיט אַ גוואַלדיגן אימפּעט צום קוואַל פון וויסן, היינטי־גע צייטן איז שוין שווער צו באַגרייפן יענע גרויסע באַ־גייסטערונג פאַר בילדונג, און מ'קאָן זיך אַפילו פאַרגינען איראָניזירן וועגן „קליינשטעטלדיגע" משכילים, וואָס האָבן זיך געקוויקט מיט שילערס „גלאָקקע" און געדרשעט דאָס

עפּעס ווי אַ מין פּרד״ס. אָבער יענע צייט איז דאָס ניט סתּם געווען נײַ, אויפטועריש און איינשטעלעריש אין דער פרומפאַנאַטישער סביבה, וואָס האָט געהאַלטן יערע ווייטיגע קענטעניש, ניט פונם יידישן שטייגער גענומען, פאַר הפקרות און אפּקורסות, אין בעסטן פאַל פאַר בטול תּורה. דאָס איז געווען אַ רעוואָלוציע, אַ טיפע איבערקערעניש, וואָס איר באַטייט אין יידישן לעבן איז גאָר ניט איבער־צושאַצן. איינער פון אונזער דור קאָן זיך מאַכן אַ באַגריף דערפון, ווען ער דערמאָנט זיך די ערשטע צייטן פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע אין אַ יידי־שער שטאָט: די זעלבע באַגייסטערונג, די זעלבע ליכטיג־קייט אין האַרצן, די זעלבע פאַרליבטקייט, ברודערשאַפט צווישן „חברים״, די זעלבע אויסבאַהאַלטעניש, די זעלבע שטעכעדיגע חשוריגע בליקן, די נייגיריגקייט, מורא און שנאה אַרום אין דער סביבה. חוץ אפשר די שטרייט־מע־טאָדעס. די פאַרצייטיגע עדה האָט נאָך געהאַט געווג הײַ־מישע שטראָפן צו דערשטיקן די משכּילישע רעוואָלוציע, כאָטש אין אַ נויטפאַל האָט מען זיך ניט געשעמט אָנקומען צום „קאָזאַק״ אויך; בלבולים האָט ניט געפעלט.

און דאָס מערקווירדיגסטע אין דעם דאָזיגן בילדונגס־ברען איז: איר טיפע מענשליכקייט אין דער אידייע און די ניכטערע פּאָזיטיווקייט אין דער פּראַקטיק. אין אַ סביבה, וואָס איז געווען איינגעטונקט אין אייגנס, פאַרגלויבט אין זיך און איזאָלירט פון דער גאָרער וועלט, האָבן שרייבער, מייסטנס אויך אַזוי איזאָלירט פון דער וועלט, חוץ אין בוך, גענומען הויבן און קרוינען גראָד דאָס מענש־ליכע, דאָס אוניווערסאַלע, אידעאַליזירן אַ ציוויליזירטע פרעמדע וועלט, רופן אַהין אין דער גרויסער וועלט אַריין,

אין דער פרעסע, זיך אויסטון פון איינגנס און זיך צונויפ־
גיסן מיט אַ כלל־מענשהייט. אַפילו די שפּראַך, דאָס איינ־
צינגע געווער אין זייער שטרייט, זייער איינן שרייבעריש
געצייג, אַפילו דאָס האָבן זיי ניט געשוינט: די לאַנד־
שפּראַך, פרעמדע שפּראַכן זאָלן ווערן אונזערע אייגענע
שפּראַכן; מ'דאַרף ניט קיין שום מחיצה צווישן יידן און
דער וועלט, צווישן מענש און מענש. פון דאַנען, פון טיפן
אידעאַליזם און באַגייסטערונג פאַר אַן אויפגעקלערטער
פרייער וועלט, שטאַמט זייער קאַלטקייט צו דער יידישער
שפּראַך, וואָס זיי גופא האָבן געפּיילט און געשלייפט, צו
יידישער ליטעראַטור, וואָס זיי האָבן איר פונדאַמענט גע־
לעגט. ניט פון „קליינבירגערליכע״ השגות, ווי מ'האָט זיך
דאָ ניט לאַנג נאָך געלאָזט דרינגען אַ מאַרקסיסטיש פּשטל.
און אין דער זעלבער צייט די ניכטערע פּאָזיטיוויקייט!
ניט פון קיין „השכלה בת־השמים״, ניט פון מליצה און
חקירה האָט זיך דאָ געהאַנדלט, נאָר פון רעאַל מענשליך
וויסן, פון נאַטורוויסן, מאַטעמאַטיק, שפּראַכן, בכלל פון
אַ וויסן, וואָס זאָל זיין דער גרונד פאַר אַ ר ע אַ ל י ס־
ט י ש ן וועלטקוק פאַר אַ מענשן, וואָס גייט באַוואוסטזיניג
און באַוואָפנט איינצונעמען אַ וועלט, בויען אַ שענער, בעסער
לעבן. האָט זיך דאָ געלאָזט פילן די ווירקונג פון דער
רוסישער ליטעראַטור די 60־ער יאָרן, ווען מיר האָבן שוין
געהאַט באַ זיך אורי קאָוונער, פּיסאַרעווס אַ תלמיד, אָדער
דאָ האָט געהאַט צו זאָגן אַן אייגענער דאָרשט נאָך רעאַל
וויסן, אַ רעאַקציע קעגן אונזער אייביגער חקירהשאַפט, —
אַלצאיינס, וויכטיג איז דער רעזולטאַט! און דער פּראַקטי־
שער רעזולטאַט איז—וואָס דאָס דאָזיגע רעאַלע וויסן האָט
אַמבעסטן געשטימט מיט דער גרונד־אידייע פון מענשליכ־

קייט, מיט דעם, וואָס האָט אונז אַמבעסטן געקאָנט אויס־
היילן פון רוחניות, אויסגלייכן דעם מוח און פאַראייניגן
מיט אַ וועלט. ניט אומזיסט זיינען פון יענעם דור אַרויס
באַרימטע מאַטעמאַטיקער, מעדיצינער, שפּראַכפאָרשער און
קנאַפּ פילאָזאָפן. אַגב איז דאָס געווען די בעסטע מעטאָדע
צו ברעכן די ווילדע יידישע גדלות: פאַרן דאָקטאָר, פאַרן
אינזשענער האָט דער ייד דער חקרן געמוזט דרך ארץ
האָבן: מיט אַ פסוק און מיט אַ דריי מיטן גראָבן פינגער
האָט מען זייער אַרבעט ניט געקאָנט אויפטון.

אַמבעסטן האָט זיך דאָס פּאָזיטיווע, און אַגב דאָס
פּראָגרעסיווע, אין זייער פּראָגראַם, באַוויזן אין זייער קוק
אויפן יידישן מ אַ ט ע ר י ע ל ן מצב, אין זייער שטרעבן צו רע־
פאָרמירן די יידישע פאָלקס־ווירטשאַפט. צו ניכטער און
ווייטזיכטיג זיינען זיי געווען, זיי זאָלן זיך לאָזן איינריידן,
אַז מיט בילדונג, מיט בוך־קענטענישן לאָזט זיך אַלצדינג
ענדערן אין יידישן לעבן, אַפילו דער יידישער גייסטיגער
שטייגער אַליין. „יודען, נעביך, בעדאַרפען ברויט, נישט קיין
ספרים", זאָגט באַ מענדעלין דער אויפגעקלערטער מחבר
פון „ווינשפינגעריל". זיי האָבן צוגעזעהן מיט אַ קלאָר אויג,
ווי ווייט דער אָפּגעשטאַנענער יידישער עקאָנאָמישער
מצב: שיינקעריי, שמוץ־קרעמעריי, ווינט־פּרנסות און נאָך
מער לייריג־גייעריי ווירקט אויף דעם יידישן גייסטיגן,
געזעלשאַפטליכן לעבן, אויף זייער פּאָליטישער שטעלונג אין
לאַנד, און האָבן געגאַרט, יידן זאָלן האָבן ב ר ו י ט צוזאַ־
מען מיט אַ היינטוועלטיג ביכל, מיט אַ נייעם גייסטיגן
שטייגער. מיר זעהען דאָס שוין באַ יצחק בער לעווינזאָן אין
„הפקר־וועלט": „וועלכער האָט דען היע אַ גרונטאָווגע
פּרנסה?" — קלאָגט ער זיך, און דעריבער „איז מען זיי מבזה

בײַ אומות־העולם ערגער, װי דיא ציגײַנער". מיט דעם זעלבן מוט און אָפנקײט, װאָס מ'האָט געשטורעמט ײדישע רוחניות, האָט מען זיך אַרױפגעװאָרפן אױף ײדישע פּרנסות און נאָך מער אױף ײדישער לײדיג־גײערײ. ײדן האָבן אפשר פון די פֿאַרביסנסטע שונאים ניט אױסגעהערט אַזױנע שאַרפע ־ײד, װי זײ איז אױסגעקומען צו הערן פון ײדישע שרײבער:

„גאָלד און זילבער איז אײער תּורה,
געלד איז אײער גאָטט"[17])

צו שאַנד און שפּאָט זײַנען געמאַכט געװאָרן ניט בלױז שרכנים, מלמדים, מעקלער, משולחים, ײדן מיט כתבים פון אַ נשרף, מיטן עלטערזײדנס חבור אונטערן אָרעם, דאָס גאַנצע פּעקל שנאָרער, װאָס דאַרן און קװאַרן זײער גאַנץ לעבן און שטאַרבן אין פרעמדע תּכריכים, נאָר ײדישע קרעמער און געשעפט־מענשן אױך. אין אַ סביבה, װאָס איז פול געװען מיט דרך ארץ פֿאַר כלי קודש, פֿאַר דעם אײ־דלען ײדן, דעם לײדיג־גײער, װאו דער אַריסטאָקראַט דער מלמד האָט ניט געקאָנט פועלן בײַ זיך אַ נאָמען געבן נאָך אַ פאַרשטאָרבענעם קרוב אַ בעל־מלאָכה, און אַ ײד אַ סוחר איז געװען די בכבודיגסטע פּרנסה, אין אַזאַ סביבה, האָט מען גענומען לעסטערן ײדישע מפונקים; האַנדל האָט מען טראַקטירט, װי אָנזעץ, װי שװינדל און באַטרוג; און געקרױנט און געהױכט איז געװאָרן דער בעל־מלאָכה, דער עם־הארץ. עפּעס איז געלעגן קודם כּל אַ מאָראַלישער פּראָ־טעסט, אַזױ װי אין אַ לערע טאָלסטאָיס, אין דעם פאַר־

[17]) װאָלף עהרענקראַנץ זבאַרזער: „מקל נועם", לעמבערג, 1869, ז. 157.

האַסן גרינגע שיינע פּרנסות, אַלץ, וואָס שמעקט ניט מיט אַרבעטס־שוויס, און רירנדיג איז ראָס אידעאַליזירן פאַר־מאָזאָליעטע הענט. די פּראַצע, דאָס צוליינן אַ האַנט צו אַ זאַך, איז דאָ מיט אַמאָל דערהויבן צו דער הויכער מדרגה, און ערדאַרבעט, „איוואַן", ד. ה. דאָס נידעריגסטע און גע־פאַלנסטע לויט יידישע השגות, איז דאָ געוואָרן אַן אידעאַל. דאָ איז דאָס, ווי געזאָגט, קודם כּל אַ מאָראַלישע קאַטע־גאָריע, „אַ שטיקל ברויט, וואָס איז ניט געקנייטען אויף פרעמדען שוויס", דער „עהרליכער גראָשען"[18]. אָבער צוגלייך שטעקט דאָ אַ געזונטער עקאָנאָמישער פאַרשטאַנד. דער פּראָגרעסיווער עקאָנאָמישער פּראָצעס, וואָס קלאָר האָט ער זיך אַנטפּלעקט אין רוסלאַנד אין די 60־ער יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט: ס'פאַלט דער צעפּעסטעטער אַרל, וואָס יידן אין „תּחום" האָבן זיך געדרייט אַרום אים, אויס נאַטורעלע ווירטשאַפט, ס'וואַקסט די אינדוסטריע אין לאַנד, דער דאָ־זיגער פּראָצעס האָט געמוזט ברייננען דערצו, אַז אַלטע יידישע פּרנסות זאָלן פאַלן, און אַ גרויסער טייל בעל־הביתישער גראַד זאָל מוזן אָנקומען צו אַרבעט. די עלטע־רע יידישע ליטעראַטור האָט מיט אירע נייע באַגריפן וועגן אַרבעט סאַנקציאָנירט, באַגריסט דעם דאָזיגן איבערגאַנגנס־פּראָצעס אינעווייניג, און דערמיט אים אין אַ געוויסער מאָס פּסיכאָלאָגיש פאַרגרינגערט. אין דער זעלבער צייט האָט זי געהויבן דעם אַרבעטס־מענשן, מיט אַן אינסטינקטיוון חוש, אַז ער, דער עם־הארץ און נחות דרגא, איז פייהיג צו הויבן דאָס גאָרע פאָלקס־לעבן, וואָרום ער פאַרמאָגט נאָך אַביסל מוסקול. און בלוט און איז ניט אַזוי פאַרדבקהט, ער איז

[18]) שאַצקעס: „דער יודישער פּאַר-פּסח".

נאָך פייהיג צו לערנען זיך, און פון דעם נייעם לעבנסוועג קאָן ער נאָר געזינגען, אָנצווּווערן האָט ער ניט וואָס.

מלאכה, אַרבעט — דאָס איז געווען די פּראָזע, און ערד־אַרבעט, „די כאָכע" — דאָס איז געווען די פּאָעזיע, די ראָמאַנ־טיק. וואָרום אַביסל פאַנטאַזיע און חלום האָט מען באַ־דאַרפט פאַרמאָגן צו וועלן מאַכן פון יידן — דאָרפישע פויערים אין לעווינזאָנס צייטן און שפּעטער אויך, באַ דער יידישער פאַרפרעמדקייט צו ערד און צו אַרבעט און באַ די אויסנווייניגסטע מניעות: באַ דער ליבער רוסישער רעגירונג! דאָס איז געווען דער וועג, וואָס זאָל פירן צום ווייטסטן צוועק: איבערבויען דאָס גאָרע יידישע לעבן. אויף „נאָרמאַלע" יסודות וואָלט געזאָגט אין אונזערע צייטן אַ ווייט־קוקער, אַ טעריטאָריע־זוכער. אויף מענש־ליכע יסודות, האָבן געמיינט די עלטערע יידישע שרייבער, אַזויווי אַלע פעלקער אין לאַנד. וואָרום דאָס מענש־ליכע, דאָס כללישע איז זיי געווען דאָס נאָהענטסטע און דאָס ליבסטע, און פרעמד איז זיי געווען דאָס יידישליכע, דאָס „נאַציאָנאַלע", ווי אַ סך וואָלטן היינט געזאָגט. פאַר־האַסט איז זיי געווען דאָס איזאָלירן זיך, דאָס אויסטיילן זיך, און דעריבער האָט די נאַציאָנאַלע ראָמאַנטיק, די שפּעטערדיגע חבת־ציון, די מינדסטע ראָל ניט געקאָנט שפּילן אין זייער ערד־ראָמאַנטיק. אין די ערגסטע צייטן פון יידישער פּאָליטישער דערשלאָגנקייט זיינען זיי אַרומ־געגאַנגען הויך געהאַלטן דעם קאָפּ: ניט אָפּטרעטן, ניט אַנטלויפן: אונזער צייט וועט קומען! וואָרום טיף און שטאַרק איז געווען זייער גלויבן אין מענש און מענשליכ־קייט.

## VII

# אַ דור

הונגערטער יאָרן איז דאָס פאָלק געלעגן אין אַ טיפן הינערפלעט. דאָס פויליש־שליאַכטישע בעל־הבתעווען האָט געמאַכט יידן פאַר מאָשקעס און איטשע־מייערס, פאַר שיינקערס און בטלנים, עקאָנאָמיש פאַרקנעכט און גייסטיג דערנידעריגט. שרעקליכע קאָזאַקישע פאָגראָמען (גזרת ת״ח און תקכ״ח) האָבן חרוב געמאַכט הונדערטער יידישע קהלות. אונטער דער ווירקונג פון דעם שענדליכסטן, רייך־מיטלאַלטערישן פיין און שפּאָט האָט דאָס פאָלק זיך איינ־געשרומפן אין זיך, איינגענורעט ווי אַ קראַנק קינד, פאַר־ווינט זיך אין הימלזאַכן, אין מיסטישע חלומות, אויפגע־פלאַמט פאַר פאַלשע משיחים, פאַר אַ שבתאי צבי, אַ יעקב פראַנק, און אויסגעלאָשן, טויט פאַר דער וועלט. איז אויפ־געשטאַנען אַ דור ווי נייגעבוירן, פריש און באַגייסטערט, מיט אַן אויפגעוואַכטן לעבנסדאָרשט און מיט אַ גלויבן אין אייגענע קרעפטן, אַז ער איז באַרופן אויסלייזן דאָס פאָלק. ערשט אַ דור פריהער האָט מען זיך געקאָנט נאָר מיאוש זיין אין פאָלק, און אַ ליטווישער יונגערמאַן, שלמה מיימון, דערצווינגן אַזוי ווי ריקס „חייציקל אַליין", וואָס האָט זוכה געווען צו זעהן סאַמע דעם מעזעריטשער מגיד, איז צופוס אַנטלאָפן פונם פאַרעפּושטן ווינקל קיין בערלין, אין דער פעסטונג פון אויפגעקלערטן אַבסאָלוטיזם, און פאַרזוכט דאָרטן פונם „עץ־הדעת" איז ער שוין צוריק צום פאָלק ניט געקומען. איצט האָט זיך דאָס אַ ריר געטאָן. באַם ווינגל פונם נייעם דור איז געשטאַנען די פראַנצויזישע

רעוואָלוציע, רייטשער ראָמאַנטיזם, ראָס פּאָליטיש אויפגע־
וואַכטע ייִרנטום אין אייראָפּע, רעפאָרמעס מיט גוואַלד
און אייגענע אויפקלערונג ראָרט. און דער ערשטער ריר
פונם נייעם רור איז געווען: צו דער ליכטיגער שיין! צו
מענטשן! אינעווייניג איז שימל און קייטן, ראָרט אויסן איז
זון און פרייהייט. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ פיבעררינע
קריטישע אַרבעט צו צעשטערן אַלע אַלטע יסורות פונם
יירישן לעבן, איבערזעהן אַלע געווייסן. ראָס איז געווען
רי שאַרפסטע אומבּרחמנותדיגע זעלבסטקריטיק, איינע פון
רי זעלטענע מינוטן, ווען אַ גאַנצער רור פלאַמט אויף
מיט אַ העראָאיש געפיל צו מאַכן רעם חשבון הנפש, אויפרעקן
רי העסליכסטע וואונדן, כּדי צו זוכן אַ תּרופה צו זיי, ווען
ראָס געוויסן ווערט אויפגעוואַכט פאַר פאַראַנטוואָרטליכקייט,
און דורות און פעלקער רערזעהען פאַר זיך אַ ווייטן,
ליכטיגן צוועק און פילן זיך שטאַרק און גרויס אָפּצוראַמען
בּערג פונם וועג.

רי פאַראַנטוואָרטליכקייט גופא איז ראָ מוראָריג
אויסגעוואַקסן, אַזוי ווי ראָס טרעפט זיך זעלטן, ווען
מ׳מאַכט זיך שולדיג, פאַרוואָס מ׳איז ניט עוג מלך הבּשן
רי הייך און מ׳לעבט ניט אייביג. ס׳איז אויסגעקומען צו
ליקווידירן די פאַרשאָלטענע ירושה פונם פּויליש־שליאַכטע־
טישן רעזשים בּאַ רי ערגסטע אומשטאַנדן: בּאַ אַ רעזשים
פון קאָזאַקישן אַבּסאָלוטיזם, אין אַ סביבה פון קנעכט־
שאַפט און ווילדקייט, אין אַ פּויערים־לאַנד, וואָס האָט
זיך ערשט אָנגעהויבן אַרויסמאַכן פון נאַטורעלער ווירט־
שאַפט, וואו ראָס ביסל קולטור האָט אָנגעשפּאַרט בּאַ פריי־
צים, דער ליבעראַליזם איז געלעגן אין די וויקעלאַך, גע־

קוויקט זיך תחלת מיט רייטשן ראָמאַנטיזם און העגעליאַני־
שער פילאָזאָפיע, און דער ייד איז געווען פרעמד און
פאַראַכט. דאָס האַרץ האָט געוויטאָגט צוצוזעהן ייִדישע
פּיין און דערנידערונג, די שפּלריגע לאַגע אין דער אַרו־
מיגער סביבה; און אַ גרויסער נסיון איז דאָ געווען
מלמד־זכות־זיין אויפן שווערגעפּרובטן פאָלק, וואַרפן
דעם גרויסן שטיין אין קאָפּ פאַר ייִדישער שאַנד די יאָגער
און פּלאָגער, די, וואָס האָבן פאַרשפּאַרט דאָס דערשלאָגענע
פאָלק אין דער פינסטערסטער נאַסטער קעלער־לאָך אין
דער גרויסער טורמע פאַר אַלעמען. איינמאָל האָט זיך אַזאַ
געשריי אַרויסגעריסן, און מיר האָבן דערהערט דעם צאָרנ־
דיגסטן פּראָטעסט קעגן דעם וועלטאומרעכט, וואָס ווערט
באַגאַנגען קעגן ייִדישן פאָלק („די קליאַטשע”), אָבער
שטענדיג און אַלע מאָל און באַ יעדער געלעגנהייט האָט
מען ייִדישן בזיון און פּיין געווענדעט קעגן ייִדן גופא.
מיר אַליין זיינען די שולדיגע, מער קיינער! און אונזער
גרעסטע זינד איז, וואָס מיר האָבן זיך אויסגעטיילט פון
אַ וועלט, אַרויסגענומען זיך פונם מענשישן כּלל, פאַרוויגט
זיך אין וויסטע, ווילדע חלומות. מ׳האָט גענומען צע־
שטערן דעם אַלטן בנין ייִדישקייט, וואָס האָט פאַר אונז
אַ וועלט פאַרשטעלט. מיט אַ וואונדערליכער זעלבסאָפּפּע־
רונג האָבן די ראָזיגע איבערגעגעבנסטע פאָלקסמענשן זיך
נוקם געווען אין אייגן פאָלק, מיט גיפט און גאַל באַשפּיגן
דאָס גאָרע ייִדישע לעבן, אונטערגעריסן אַלע אָנגענומענע
יסורות פונם פאָלקסלעבן. מיר האָבן שוין געזעהן, ווי אַזוי
זיי האָבן דאָס געטאָן.

צי איז ניט געווען אין ייִדישן לעבן אַזוינס, וואָס
האָט פאַרדינט געשעצט און געשווינט צו ווערן? געוויס!

ס'וועט נאָך קומען אַ צייט, ווען דער אויסגעשפּילטער שטרייט וועט שטילן דעם צאָרן, און זיי, די פאַרביסענע לעסטערער, וועלן דערזעהן אין דער קאַלווישע „טהייערע גאָלד־שפּריטצליך, אַזוינע לעכטיגע פייערפינקען, וואָס מען קריגט זיי ניט אין די גרויסע זידענריגע ימים״ [19]); לי־נעצקי וועט מיט ליבשאַפט זיך דערמאָנען אין שכנא אופיר, אַ קוואַל מענשנליבשאַפט און רחמנות, וואָס אַליין האָט ער ניט מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען און וואו אַן אומגליק טראָגט ער אַנטקעגן האַרץ און הילף; און מענדעלי וועט מיט באַגייסטערונג באַשרייבן דעם פּרינץ, דעם שבתדיגן יידן, די טיפע מענשליכקייט און ערליכקייט פון שטילע לייט, וואָס קוים מ'זעהט זיי און מ'הערט זיי און זיי לעבן נאָר פון אַנדערע וועגן. דאָס אַלץ וועט קו־מען שפּעטער, ווען מ'וועט שוין קאָנען צוגיין צום יידישן לעבן מיט אַ רוהיג האַרץ און מיט אַן אָביעקטיוו אויג. דערווייל אָבער דאַרף מען צעשטערן, אַזוי מאָנט די צייט! און יידישע שרייבער האָבן דאָס געטאָן מיט וויסן און געוויסן, מיט טעמפּעראַמענט און טאַלענט. זיי האָבן זייער זאַך אויפגעטאָן. שפּעטער, אין דער צווייטער קריטישער תקופה, אין די 80־ער יאָרן, דער מולד פון דער גרויסער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַוועגונג, וואָס האָט נאָך אַ שליטה אויף אונזער דור, האָט די יידישע מאַסע באַ־וויזן, אַז זי איז שוין איבערגעוואַקסן רוחניות־יידישקייט און אַלטפרענקישע בעלי־טובות, זי האָט זיך געפונען אירע פירער. ערגעץ אין פּעטערבורג זיינען געזעסן יידישע פּני און כלי־קודש, שטאַרק פאַרמוחט, ווי אַזוי איבערצובעטן דעם ברוגזן פריץ, און די יידישע מאַסע האָט אין עמי־

[19]) י. י. לינעצקי: „דער וואָרם אין חריין״, „פאָלקס־ביבליאָטעק״, I., ז. 68.

גראַציע, אין נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אָרגאַניזאַציעס געזוכט נייע וועגן פאַר איר פּאָליטישער און עקאָנאָמישער באַפרייאונג און מענשליכער אויסלייזונג. די אַלטע קהל־פאַרזאָרגער זיינען ווי אָפּגעשווינקט געוואָרן צוזאַמען מיט זייערע מעטאָדעס, און יונגע סטורענטלאַך, אָהן אַ סימן אויף אַ באָרד, אָהן אַ לוויט יידישקייט, נאָר מיט אַביסל מענשליך וויסן און רערציהונג און מיט אַ פול האַרץ מענשליכע אידעאַלן און חלומות, האָבן פאַרנומען רעם אויבן אָן און געוואונען דעם צוטרוי באַם פאָלק.

אַ מערקווירדיג מזל פון אַ ליטעראַטור: זי האָט געוואָלט און ׳געמוזט זיין מער פאַר ליטעראַטור! זי איז געשטאַנען פאַר אַ כינעזישער וואַנט, זי אַליין איז געווען טריף, ווילד און פרעמד, און זי האָט געזאָלט זיין דער אייזערנער ווידער, דער מויערברעכער, אַ הויבער פונם גאָרן יידישן לעבן. היינטיגע צייטן, ווען מיר האָבן שוין אַ פאַרצווייגטע פּובליציסטיק, טוט זי שוין אָפּ דעם גרעסטן טייל שוואַרצע פּראָגראַם־אַרבעט, וואָס אָפט איז זי אַזוי ווייניג עסטעטיש, און ליטעראַטור קאָן זיך פאַרגינען דעם רייגעם עסטעטישן גענוס. ראָס, וואָס אונזער עלטערע ליטעראַטור האָט געטאָן מיט פּראָגראַם־מעטאָרעס, מיט סאַטירע און ווערן, ראָס טוט, אייגנטליך, אונזער מאָדערנע ליטעראַטור אויך, נאָר אויף אַן אַנדער שטייגער: ניט מיטן טייטל, נאָר מיט בילדער און עמאָציעס, אָהן אַ שום כּיון אַנטוויקלט זי אין פאָלק געשמאַק און ממילא פאַרשטאַנד פאַר ראָס מענשליכע און ראָס אייביגע, פאַרבינדט אונז מיט אַ וועלט. יענע עלטערע צייט אָבער האָט זיך ליטעראַטור ניט געקאָנט פאַרגינען קיין ווייסע הענטשקעס, און דער יידישער קינסטלער האָט געמוזט זיך אָפּט נעמען

פאַרן מלמרישן טייטל, וואָרום ס'האָט נאָך פריהער געמוזט
באַשאַפן ווערן אַן אַטמאָספער פאַר ליטעראַטור אין יירישן
פאָלק, ראָס, וואָס מיר, צו אונזער צייט, האָבן שוין געפונען
גרייט און פאַרטיג. די יידישע ליטעראַטור האָט ראָ גע־
מוזט זיין די קינסטלעריי און די פובליציסטיק, די בימה
און די ראָמאַנטיק, אַ גאַנצע קולטור אין בילדער,
וואָרום ראָס איז געווען ראָס איינציגע וועלטליכע און
מאָדערנע, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט אויף יידיש. און אויב
מיר קאָנען שוין היינטיגע צייטן קומען צום תורה־פאָלק
מיט אַ „מעשה־ביכל“ און געפינען דערפאַר לייענער און
שעצער, — האָט ראָ די עלטערע יידישע ליטעראַטור רעם
גרעסטן פאַרדינסט.

ניט קיין יירישליכע ליטעראַטור איז ראָס געווען,
ווי איינעגע מיינען, אָדער לאָזן זיך איינריידן, נאָר אַן
אַנטי־יידישליכע, אַטרפהנער ביין. ראַרפן מיר ראָך
געריינקען, אַז אַפילו רעם עצם באַגריף „יירישליך“, רעם
זיבעטן יירישן חן, וואָס שטעקט אין רעם, האָבן מיר
צו פאַרדאַנקען ניט קיין אַנדערן, ווי מענדעלין, רעם
„יירישליכסטן“ שרייבער פון יענער גרופּע. אַן „אַנטינאַציאָ־
נאַלע“ ליטעראַטור, וואָלט געזאָגט אַ היינטיגער נאַציאָנאַ־
ליסט: זי האָט אונז פאַרהאַסט אַלצרינג, וואָס שמעקט מיט
יידישס, מיט אייגנס און האָט אונז געטריבן „היטן פרעמדע
וויינגערטענער“, צו פרעמדע קולטורן און שפּראַכן, זיטן און
וועגן. ווייסן מיר ראָך אָבער, אַז ראָס איז געווען רער
גרעסטער נאַציאָנאַלער פאַרדינסט, וואָס אַ ליטעראַטור קאָן
זיך דערמיט איבערנעמען פאַר אַ פאָלק! וואָרום רער וועג
צו זיך איז רעמאָלט געלעגן דורך רער פרעמד,

וואָרום אין דער פרעמד האָבן מיר באַראַרפט אין חדר גיין, כדי צו ווערן אַ מאָרערן פאָלק, כדי צו באַקומען אַ מענשליך אויסזעהן. באַ דער נאַציאָנאַלער פראַזע איז השכלה און השכלה־ליטעראַטור שוין לאַנג פאַרשמט פאַר אַסימילאַציע, און אַסימילאַציע איז ראָך שוין ממילא וואָס אין דער קאָרט, און שטאַרק בורזשואַז לויט אַ משכּיליש־מאַרקסיסטישן דרש. ווייסן מיר דאָך אָבער, אַז דאָס איז אונזער רעפאָרמאַציע געווען, די טיפסטע און די ערליכסטע, וואָס האָט אונז אויסגעלייזט פון אונזער היימישער קנעכטשאַפט און פון גלות באַ רוחניות און יידישקייט. געבענשט זאָל זי זיין די ראָזיגע אַסימילאַציע, וואָס זי האָט אונז די אויגן געעפנט, אָהן איר וואָלטן מיר דעם וועג צו זיך ניט געפונען. און ניט בלויז די צעשטערונגס־אַרבעט, נאָר די פּאָזיטיווע פּראָגראַם אויך. וואָרום דאָס וויכטיגסטע אין דער ראָזיגער פּראָגראַם איז, וואָס זי האָט ניט אָנגעוואָרן איר ווערט און באַטייט ביז היינטיגן טאָג. וואָרום ווידער זיינען מיר איבערפול געוואָרן מיט יידיש־קייט, נאָר שוין אין אַ נייעם „נאַציאָנאַלן" גלגול. די נאַציאָ־נאַלע פראַזע ליאַרימט און פאַרטויבט די מוחות, פאַר־שלעפערט אין אונז דאָס אויפגעוואַכטע געפיל פאַר מענש און וועלט. די פראַזע שטעקט שוין אַ סך ברייטער און געריכטער איידער באַ די אָפּיציעלע נאַציאָנאַלע פאָן־טרע־גערס; נישטאָ דער ווייטסטער רעוואָלוציאָנערער געראַנק, וואָס די נאַציאָנאַלע פראַזע האָט זיך שוין צו אים ניט צוגעקלעפּט, אים פאַר אַ שולקלאַפּער באַ זיך געמאַכט. זי פאַרסמט אונז, שטאָפּט אונז ווידער מיט פאַרליבטקייט אין זיך זעלבסט, מאַכט שוין אַן אָפּגאָט פון יערן ביסל אייגנס, פון אַ סטעגגע און אַ ביכל, פון אַ קרייזל און אַ

לידל, און פּאַרטויבט אין אונז דאָס קריטישע געפיל און
דאָס געפיל פאַר זעלבּסקריטיק. זאָל זשע אונז די „אַסי־
מילאַטאָרישע“ עלטערע יידישע ליטעראַטור שטיין, ווי אַ
געטרייער שומר און מאָנער, פאַרהיטן אונז פאַר פעלשן
אין זיך גופאָ.

קיעוו, דעצעמבּער 1919.

---

# כלל־ביבליאָטעק

סיט דער סעריע איז דער פאַרלאַג אויסן צו געבן דעם אידישן לעזער סיי פון דער שיינער ליטעראַטור (אָריגינעל־אידישע און איבערזעצונגען), סיי פּאָפּולער געשריבענע ביכער אויף אַלע געביטן פון דער וויסנשאַפט. דער פאַרלאַג וועט זיך באַמיהען צו ברייננען דאָס בעסטע און אויסגעקליבנסטע פון בעלעטריסטיק און וויסנשאַפטליכער ליטעראַטור אין אַ פּאַסיגער שיינער פאָרם, אין אַ איינהייטליכן פאָרמאַט און, לויט די פּרייזן, גאַנגבאַר פאַרן ברייטן עולם.

## די ערשטע פערצען ביכער:

1) ח. נ. ביאַליק: צער און צאָרן
2-3) א. נ. גנעסין: מעשה אָטעלאָ און סאַמואיל סאַמואילאָוויטש
4) ה. ד. נאָמבערג: אין אַ פּוילישער ישיבה
5) צבי הירשקאַן: ניט הינטער אַ פּלויט
6) ערנסט מאַך: צו וואס האט אַ מענש צוויי אויגן
7) מ. ווישניצער: די אידישע צעכן אין פּוילן און ליטע
8-9) יו. וואַגנער: מעשיות וועגן פייער און ליכטינקייט
10) ג. פלאָבער: העראָדיאַס
11) ריקאַרדאַ הוך: דער אידישער קבר
12) דער גר צדק פון שלעזיע
13-14) יו. וואַגנער: מעשיות וועגן ערד

